ל. אָליצקי

# מ ש ל י ם
## פֿאַר קינדער און גרויסע

פֿארלאג „קולטור-ליגע" ווארשע

PRINTED IN POLAND

געדרוקט אין 1000 עקזעמפלארן. — ווארשע—1929

L. OLICKI:
Meszulim far kinder un grojse
(Bajki dla dzieci i dorosłych)

Sp. Wyd. Kultur-Liga, Warszawa

Drukarnia „Di Welt”, Warszawa,
: ; : Nowolipie 7 : : :

# אינהאַלט:

I

## קינד און שול



II

## היים און פעלד

## III

## בעלי־חיים



## IV

## שטומע צינגער

# דאָס פייער-פלאַטערל

מיינע שטיפערלעך געהייליקט

היט זיך, פלאַטערל, פאַר פייער —
פייער ברִיט!
היט זיך! ס׳לעבן איז דאָך טייער —
ס׳לעבן פליט!

„וואָס איז ס׳לעבן אָנעם פייער? —
גרוי געמיט;
נאָר די רגע איז מיר טייער,
און איך היט...״

# דער שטיפער און זיין שאָטן

— וואָס גייסטו, קליין מענטשל, אָן כּוח מיר נאָך, —
געפרעגט האָט דעם שטיפער זיין שאָטן מיט שטאָך:
פוסטריט אין אַזעלכע גרויזאַמע היצן,
צי דאַרפסטו אין וועג מיך פאַר עמעצן שיצן!
דו זע נאָר מיט וויפל פון דיר בין איך גרעסער —
איז בין איך אַוודאי אין קרעפטן אויך בעסער!
אָ, גלייב, כ'וועל פאַר אַלע מניעות אַליין,
אָן עמעצנס הילף, שוין מיין שטעטל באַשטיין.
צעשמייכלט זיך שטיפער בלייבט שטיין אומדערוואַרט:
„נו, שאָטן באַוועג זיך! וואָס שטייסטו פאַרשטאַרט?"
ער טוט אויפן בויך זיך אַ וואָרף צו דער ערד —
און ס'ליגט אונטער אים שוין דער שאָטן פאַרצערט:
„אָט זעסטו ביסט מער-נישט נישט-מער ווי מיין שאָטן!..."
און ס'צעלאַכט זיך דער שטיפער — דער שפּאַס איז געראָטן.

# דער שניי-מענטש און די לבנה

דער דעזשורער האָט פאַרנאַכט פאַרלאָזט דעם קלאַס,<br>
אַ לוסטיקער אַרויס אין גאַס,<br>
דערזעט ער – ס'שטייט נאָך אַלץ ; ער מענטש פון שניי<br>
אַנטקעגן שול.<br>
מיט פרייד פון באַנטער היים שוין פול,<br>
פאַרגלוסט זיך אים אַ שפּאַס.<br>
ער טוט זיך אויף אַ פוס אַ דריי,<br>
און דעם שניי-מענטש אין געזעס „אַ הינטערק'עצל״ מאַכט:<br>
– דאָס האָט דיר געשיקט די כלה אַ מתנה!..,<br>
און גייט אַוועק, ווי גאָרנישט אים געמיינט. –<br>
ביינאַכט<br>
טרעפט דעם שניי-מענטש ליגן אָט-אַזוי-אָ די לבנה:<br>
באַאָזנדיק-צעצויגן,<br>
מיט פאַרגלאָצטע קוילן-אויגן,<br>
ס'פּנים קויטיק-קלאָגעדיק, פאַרקרימט-פאַרוויינט,<br>
און מיט אויסגעשפּרייטע הענט. –<br>
דער שניי-מענטש אין דער שטילקייט טענהט צו די ווענט:<br>
– ווי זיי האָבן דאָס געפייניקט, ווי, מיין חומר!<br>
געקנעטן,<br>
און געטרעטן,<br>
און געבראָטן און געברענט<br>
מ'ט די קליינע הייסע הענט;

מיט די גליִענדיקע אויגן,
ווי מיט פײַלן פון א בויגן,
וויי, געשטאָכן און געבריט,
אַז גאָט באַהיט
דערפון
אַפילו שוין מיין ערגסטן פיינט, די זומערדיקע זון,
און מיין פריינט — אַ קל-וחומר!...
און אַז כ׳בין שוין פאַרטיק סוף-כל-סוף,
אַן עק:
איך וועל אַ מענטש שוין זיין צוליטן גלייך!
אַ גליק, אַ פרייד! —
קומט אַ נייע שטראָף,
(אַ שטראָף נישט, גאָט, מיך פאַר די רייד!...)
אַ מינדסטער שנעק
טוט אַ שטויס
און-אויס!
מיין האָפנונג איז צערינען, ווי אַ טייך... —
„רעדסטו דאָך, במחילה, ווי אַ גולם, —
ענטפערט אים לבנה און פאַרמאַכט דאָס מויל אים:
פון דיין לעבן און דיין טויט איז דאָס דאָך בלויז געווען דער ציל-
זאָלסט פאַר קליינע קינדער זיין אַ שפּיל.
און ווידער, דאַרף אַזוי דאָך זיין דער סדר-עולם.
אָט די הענט, וואָס שאַפן דיר דאָס גליק –
קאָנען נעמען, ווען זיי ווילן, עס צוריק...

# די באַרשט

איינמאָל האָט די באַרשט פון שול
פלוצים זיך צעצערנט
און זיך חוצפּהדיק געטאָן אַ שטעל
ביי דער סאַמע שוועל:
— מע זאָגט, נאָך, אַז איר זענט געלערנט!
שטענדיק נאָר איך אַקער מיט דער נאָז די ערד,
און ווו אַ שטויבל — באַלד פאַרקערט
מיט מיין פיינער ווייכער באָרד, —
און זיי, דאָס קליינוואַרג, טיילט מיר אָפּ אַן אָרט
(און דערצו נאָך אָפטער מיט אַ שטויס)
אינם עקסטן ווינקל פונם הויז!
ניין, איך גיי נישט מער אַרויס,
אָט — דאָ פאַרבלייב איך אין די קלאַסן!...
די שילער האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום איר:
צי זאָלן זיי אויף איר דערפאַר זיך כעסן,
אָדער טרייבן מיט איר שפּאַסן?
נאָר דאָ באַוויזט דער לערער זיך אין טיר:
„זינג נישט, דראָנג, דיין פיינער, לאַנגער באָרד קיין לויב:
זי איז דאָך מער נישט ווערט, ווי רייניקן דעם שטויב
פון דילן און פון ווענט;
פּרוו אָקאָרשט נאָר עפּעס טון אַן פרעמדע הענט,

אַפילו זיך אַליין צומווייניקסטן פאַרפוצן
און האַלטן ריין!
איז, זיי נישט שטאָלץ,
און לאָז אונז שוין צורו.
ס'פּאַרשאַפט געננג דיר כּבוד דאָס אַליין,
וואָס כאָטש פרעמדע ברענגסטו נוצן;
אַ נישט, ביסטו אַ בר-מינן, אַ האַלץ —
און גיי צו זיך אין רו!...

# דער גלאָבוס

פון זינט דער לערער האָט דערקלערט
די פאָרם פון דער ערד,
און געדרייט דערביי, געוויזן אויפן גלאָבוס —
קוקט דערדאָזיקער גרויסקעפּיקער, איינפּיכלדיקער לאָבוז
אויף יעדערן פון אויבן נאָך אַראָפּ.
— דרך-ארץ, שרייט ער, האָט, איר אַלע שול-מכשירים!
דרך-ארץ פאַר מיין קאָפּ:
ווען איך פאַרליר אים —
קומט-אום די ערד,
(איר הערט!)
מיט אַלע אירע מאַטעריקן, אָקעאַנען,
און מיט אַלץ וואָס איז אויף איר פאַראַנען!...
נאָר יעדעס מאָל ווען לערער טוט אים לייכט אַ דריי,
שאַרכט דער דיאַמעטער: — שטיי!
נישט מיך וועסטו פאַרפירן:
כ'האָב דורכגעשפּיזט דיין גאַנצן קאָפּ, דעם גרויסן —
עס איז לחלוטין דאָרט נישטאָ קיין געהירן...
און אַז זיכער ביסטו נישט די ערד, דאָס קאָן זיך יעדער שטויסן
און ווער עמען איז דאָס מערער נאָך ווי מיר באַוווסט! —
דו ביסט דאָך פּוסט
און הויל.
באַרים-זשע זיך נישט מער, דו טאָוולדיקע קויל;
באַרים זיך נישט מיט דיינע דרויסנדיקע פאַרבן,
ביסט נישט מער — אַ הילצער איינגעפאַרבטער שאַרבן...

# דער גלאָק און דער וויגער

— דין! דין! דין! דין! דין! דין!
סאַראַ אָרדענער איך בין,
סאַמע גאָר פון בעסטן מין! —
האָט דער שול-גלאָק איינמאָל זיך צעקלינגלט,
און מיט צענער צונג-און-צינגעלעך געצינגלט, —
מעג ווי ציענדיק און הערלעך זיין די לער,
קוים הויב איך אָן צו קלינגען —
אויסגעפּאָלגט ווערט תּיכּף מיין באַגער:
די מחנה קינדערלעך צעשפּרינגען,
אויף דער פריי צו אָטעמען, צו שפּילן און צו זינגען;
מעג ווי אייפערדיק און היציק זיין די שפּיל,
יעדעס קינדערש הערצעלע — צעפלאַמט פון שטיפערישן געפיל,
און אַלע רמ״ח-אברימלעך — צעטרייסלט און צעפלאַטערט ווי אַ מיל
לאָז איך אָפּ מיין צינגל נאָר און ציל! און ציל! און ציל!
אין קינדערלעך פאַרסאַפּעטע פון דרויסן
ביי די קלאַסן-שוועלן שוין זיך שטויסן,
און יעדער וויל אַריין אַ פריער,
און יעדער זעצט זיך אויף זיין אָרט אַנידער שטיל —
פאַר אַנדערע אַ מוסטער, פאַר דער שול אַ ציר.
איז ווער וואָלט דאָס געפירט אַזוי אַ סדר,
ווען נישט מיין מעכטיק האַרץ און צענצינגלדיקער צונג אַ שטייגער?!
איך בין דאָ דער גאַנצער באַלעבאָס!

אויף דעם צעכריפעט זיך דער אַלטער קלוגער וייגער,
מיט די זשאַווערדיקע ציין פון רעדער
קריצט און רעדט פון גרויס פאַרדראָס:
— הער, דו עזות-פנימדיקער יונג,
אמת, האָסט אַ האַרץ, וואָס —
(אגב-אורחא איז עס הויל און ליער)
אמת, יונגער צוציק, האָסט אַ לאַנגען חוצפּהדיקן צונג —
(אַזאַ געווער,
וואָס ווערט צום גוטן אויסגענוצט דורך גוטע לייט).
ביסט דאָך אָבער אָן אַ קאָפּ —
וואָלסט דאָך פאַר דעם סדר
נישט געוווסט די צייט,
וואָלסט כסדר
קלונגען — ברומען
אָדער שטומען,
ווען נישט מיין רעדערדיקער מוח מיט די פינגער,
וואָס טייטלען פון דער וואַנט צו דיר אַראָפּ,
און ווייזן דיר ווו איין, ווו אויס...
איז זיי זשע נישט ביי זיך אַזוי פיל גרויס!

## דער שול-טאָוול און דאָס קריידל

דער שוואַרצער טאָוול פון דער שול,
דער שוואַרצער און דער בלינדער,
איז אַמאָל געוואָרן דול
(געטומלט האָבן שטאַרק די קינדער)
און מיט קריידל אָנגעהויבן זיך צו קריגן:
— געגוג געשוויגן!
וואָס קריכסטו, ווייסער חברהניק, אַרום
אין דער לענג, אין דער ברייט און אין דער קרום,
און דו מאַכסט מיך שמוציק גאָר אינגאַנצן?
אַן עק!
אַוועק
צו אַלדע ווייסע רוחות טאַנצן!...
דאָס קריידל שמייכלט ווייס,
אָן געבייזער און אָן שפּאַסן
רעדט עס שטיל — געלאַסן,
ווי אַ קלוגער גרייז:
— נו,
וואָס קומט אַרויס דערפון,
ווען דו רעדסט אָן מיר אַליין,
אַז קיינער וועט דיך נישט פאַרשטיין?...
אויב דו ווילסט נישט רעדן בלויז צום בוידעם —
טאָ לאָז מיר קודם
די טענות דיינע איצט פאַרשרייבן,
און זאָלן מענטשן פון זיי הערן;
איך קאָן דיר שווערן —
ווי זיי וועלן פסקענען, אַזוי וועט בלייבן...

# די בעט און דאָס וויגל

דעם ליכטיקן אָנדענק פון דעם
מענטשן ב. מיכאַלעוויטש געהייליקט

איינמאָל האָט זיך בייטאָג אין טונקלדיקן בלוי
(עס זענען האַלב-געשלאָסן דאַן געווען די לאָדן
פונם שלאָף-צימער) צעשאָרכט-צערעדט,
שטיל און סודותדיק אַזוי
מיט אַ גליווערנדיקן שאָרכן
פאַר קיין לעבעדיקן אויער נישט צו הערן, —
בעט צו בעט.
הויך-פאַרבעטע, האָבן זיי מיט טיפער ערנסטקייט און חשיבות
זיך געבלאָזן, יעדעס, ווי אַ גאווהדיקער ברייטצעלייגטער אדון,
אין פוילקייט וואַרעמער, און רחבותדיקער ברייט:
— אָט שטייען מיר דאָ ביידע שטענדיק גרייט
אין שטילקייט און אין רו און אויך אין גרויס ענוות...
— דעם מענטשן צו באַדינען
מיט אַן אָרט, וווּ אָפּצולייגן אויף דער רו
זיין אויסגעמאַרכנט זעקל ביינער
פון גרויסער פרעסנדיקער מי,
פון טיפע נאָגנדיקע זאָרגן,
און פון פאַלשקייט מענטשלעכער געמיינער.
אַמאָל — ביז בלוילעכן באַגינען...
— אַמאָל — אַפילו טיף אַריין אין מאָרגן.
— און ווען אַ קלעמעניש אים דרייט אַהין אַהער,

פון רעכטס אויף לינקס, פון לינקס אויף רעכטס —
עס קומט אים אָן דאָס איינשלאָפן צי אויפכאַפּן זיך שווער —
העלפן מיר אים אונטער אויך מיט סקריפּעניש צו טאָן אַ קרעכץ.
— שטייען מיר זיך טאַקע שטיל אַזוי דעם גאַנצן טאָג,
אין מחשבות שלעפעריקע שטיל פאַרטראַכט,
און גאַרן אָנקלייבן מנוחה צו דער זעט
פאַר דער קומענדיקער נאַכט.
— יאָ, — איז מסכּים שטיל דאָס צווייטע בעט:
איז פאַרשטיי איך טאַקע נישט — אַ שטייגער,
כ'בעט דיר, הער,
וואָס טוט אָט דאָ דאָס וויגל,
דאָס אָנפערדלדיקע קעטשל,
דאָס קאַרליקל וואָס שאָקלט זיך אַהין אַהער
אויף שטייענדיקע רעדער,
ווי אַ קאַטשקע מיט אַ שלעפנדיקן פליגל,
ווי אַן אומרו פון אַ קאַליע זייגער?!
— טוליעט איין אין זיך כּסדר
אָט דאָס ליאַלקעוואַטע קוויטשעדיקע געטשל,
אָט דאָס שטיקל פליישׂ-און-בלוט-און-קלאָג,
וואָס לעכערט רק דעם גאַנצן טאָג
דעם קאָפּ,
און לאָזט נישט רוען אונז אין אונזער שלאָף!...
— עס וואָלט שוין טאַקע מעגן אויף דעם קומען גאָטס אַ שטראָף!...
ענטפערט ווידער באַלד דאָס צווייטע בעט דעם אָפּ. —
ס'וואָלט אַוודאי אָט דעם טויבן שמועס קיינער נישט געהערט,
ווען ס'וואָלט נישט ביי דעם וויגל
איינגעהויקערט-שטיל געזעסן
די באָבעשי די אַלטעטשקע, וואָס נוצט שוין יאָסלעס בלויז
צום עסן,
וואָס די טויבן-אויגן אירע זענען שטענדיק ווי פאַרטרערט;
הגם זי איז אויך טויב שוין, איז זי אָבער אַ חכמה,
און מערער פון אַ הערנדיקן הערט זי מיט איר ציטריקער נשמה.

אויסגעהערט דעם בעטן-שמועס, איז טוט זי מילד אַ שמייכל.
פֿאַריאָגט דערביי פֿון פּנימל פֿון אייניקלס אַ פֿליגל,
הויבט דעם אָן די בעקעלעך די שלאָף-צעפֿלאַמטע צאַרט צו גלעטן,
און רעדט גאַנץ שטיל מיט ליפּן און מיט יאַסלעס צו די בעטן:
— זעט איר אָט דאָס אָפּגעשפּעטע ווינקל? —
ס'איז אַ היכל!...
הגם עס ליגט אין דעם אַ מענטשעלע, וואָס פּירט זיך
גאָרנישט אַרט'ק
האָט עס אָבער אויך אַ מעלה — ס'איז נאָך נישט איינגע נצן פּאַרטיק:
די וואָס רוען אָפּ אין אייך און מוען אייך פֿאַר אייער חסד בענטשן,
איז ווייסן מיר שוין אַלע וואָס זיי זענען — מ ע נ ט ש ן.
וואָס ס'איז שייך אָבער אָט דעם מענטשעלע אָט דאָ אין ווינקל,
אָט דעם מ'אכל אָן פֿליגל, —
צי קאָן דען עמעץ זאָגן אין פֿאָרויס,
וואָס מיט יאָרן שפּעטער וועט פֿון דעם אַרויס?!
(זי לענט זיך אָן דערביי אויף ווינקלס אַ פּאָרענטש)
עס קאָן דאָך זיין, עס וועט אַרויס דערפֿון —
אַ זון,
וואָס באַלויכטן וועט די גאָרע וועלט:
ד ע ר מ ע נ ט ש!... — — —
דער אַלטעטשקער האָט אָטעם דאָ פֿאַרפֿעלט,
און זי איז געבליבן זיצן שטיל, פֿאַרשמאַכט. —
מאָלט אייך, אַז דעם טיפֿן, כּוידיקן באַשייד
פֿון דער קלוגער אַלטעטשקערס פֿאַרשטומטע רייד
האָבן דאָך די בעטן נישט פֿאַרשטאַנען,
(אַזעלכע קלוגע בעטן זענען אויף דער וועלט גאָרנישט פֿאַראַנען)
און זיי האָבן שוין דעם שמועס געוואָלט פֿאַרפֿירן ווייטער,
ווי ס'האָט פּלוצלינג זיך דער יאַטל דער פֿאַרשייטער
מיט אַ שניידנדיקן קוויטש דערוואַכט
פֿון שלאָף,
און צום שמועס געמאַכט
אַ סוף

# דער נאַפט-לאָמפּ

— האָט זיך אָנגעזעצט, דער פּעמפּיק, אויף מיין קאָפּ!
אַראָפּ! —
האָט דאָס קאָלפּעק-מיצל פונם לאָמפּ
אויפן גלעזל זיך צעבייזערט.
„כ׳בין דאָך, זע נאָר, דורכזיכטיק און ריין״, —
ענטפערט אים דאָס גלעזל.
— אייזל!
גלאָמפּ! —
סיקעט ס׳קאָלפּעק-מיצל ווידער:
ווי-זשע וואָלט דאָס פייער מיינס געשיינט שוין נישט-באַגלעזערט
בלויז דורך מיר אַליין!...
ווי עס האָט דאָס פייער דאָס דערהערט,
האָט עס באַלד אַן עצה-רעה קעגן גלעזל דאָ באַקלערט:
אָנגעהויבן קאָפּטשען עס פון אויבן ביז דערנידער,
ביז עס איז געוואָרן שוואַרץ
פון ריס.
באַלעבאָסטען האָט עס אַזש געטשאַדעט, אַזש זי טוט אַ ניס,
מיט האַרץ
דאָס גלעזל פונם לעמפּל טוט אַ ריס,
אויסצוזויבערן און מאַכן ריין.
נאָר דאָ, אָן גלעזל, האַלט דאָס פייערל נישט אויס,
הייבט אָן טוקן זיך און טאַנצן,
אין קאָלפּעק-מיצל שפּרינגט אַריין, אַרויס,
ביז עס טוט זיך פלוצים אַ פּאַרלעש אינגאַנצן.
דאָס אויסגעווישטע גלעזל אָבער טוט אַ שמייכל:
„נאַפט-געהירן! ווען איר זענט נישט קלוג אַליין,
איז לערנט זיך נישט, זעט, לכל-הפּחות,
ביי דעם מיצל אייערן קיין שכל,
טאָן אַ צווייטן אַ צעלהכעיס...

# דאָס זאַטע און דאָס דורשטיקע פעסל

אַ דיק-ברייט פּצסל, אָנגעפּילט מיט וואַסער ביזן מויל,
און כאָטש עס האָט די זון געברענט, איז אים געווען קיל,
האָט שטיל
פון ווילטאָג זיך געאַמפּערט גאָר מיט זיך אַליין:
— ס'איז גוט און ווויל, —
געטענהט האָט דער דנאָ:
וואָס איך בין דאָ;
נאָר איך בין דאָס ביד דאָס שטעטל צו באַשטיין,
איך בין פון דער פּאַס — פונדאַמענט און יסוד!
די קלעפּקעס ווידער האָבן זיך באַטראַכט —
און גאָר מיט רעכט —
ווי ריפּן פון אַ גוף, וואָס ס'איז אָן זיי גאָר שלעכט;
און דאָ די רייפן, כאָטש פון דרויסן, האָבן זיך צעלאַכט:
— הערט אַ סוד,
וואָלטן מיר אייך נישט געגאַרטלט און געהאַלטן פעסט,
איז אָן אַ קריג אַפילו — וואָלט איר זיך צעפּאַלן,
קיינער וואָלט אייך נישט געהאַלטן אויף קיין קעסט,
און וואַלגערט זיך דאָרט שטיקלעכווייז אויף מיסט און שטאַלן! —
דאָ האָט מען צום פעסל צוגעשטעלט אַ צווייטס
אַ ליידיקס, אויסגעטריקנטס פול מיט שפּאַלטן,
קלעפּקעס טיילן זיך פונאַנדער, און ס'קאָן זיי רייף נישט האַלטן,
בקיצור — צום צעשיטן זיך אַ גרייטס.
פאַרגעסט דאָס ריינע פעסל גאָר דאָס היימישע מחלוקת,
און גאַנצע רענדלעך זונגאָלד שלינגט עס און עס פרייט זיך.
פאַרשטייט זיך,
(האָסט קענן אָרימאַן מיט וואָס צו רימען זיך — צעפּויק עס!)

אַז גענומען האָט עס, זיך — צו לויבן, יענעם — שענדן:
— אָט איז דאָ אַן אחדות צווישן מיינע גלידער,
עסן אַלע פון איין שיסל איידל-פיין, ווי ברידער —
איז שטיי איך פעסט דערום און לעב אַ ווילן טאָג!
אָבער דו, קבציוכע מיט די דאַרע לענדן,
ס׳מוז און דאַרף דאָך זיין צו דיר אַ קלאָג,
אַז יעדער איינער צִיט גאָר פון אַ צווייטער זייט,
אַז יעדן דאַכט זיך אויס, אַז ער איז גאָר דער לייט!
ס׳איז אמת, וואָס מע זאָגט: אַ קבצן איז פאַרשייט! —
האָט דאָס קבצן-פעסל אָפּגעקרעכצט פאַרביטערט: אוי!
און האָט ווייטער אָנגעפירט אַ שמועס אַזוי:
— עס איז אַן אַלטער כּלל:
דעם הונגעריקן פילט נישט מיט דער זאַטער!
אַז האָסט פייכטקייט אַזויפיל, אַ גאַנצן שלל,
(זאָלסט דערפון, חלילה, נישט באַקומען נאָר דעם קאַטער!...)
ביזסטו גאָר אַ בריה,
צו באַרימען זיך מיט דיין מאַטעריע,
מיט דיין אחדות, און דיין ווילטאָג, און דיין רייכער שיסל,
פון וועלכער גיסט דעם צווייטן נישט קיין ביסל.
יאָ, ס׳איז זייער גרינג,
צו דרייען מיט אַ פייכטן צונג.
איך אָבער, הער אויס פול-בייכיקער, נגידיש-אָנגעשטאָפּטער שפּאַסער,
איך גאַר,
איך טרוקן נאָך אַביסל פייכטקייט, נאָך אַ טראָפּן וואַסער
איך דאַר,
איך לעכץ און ווער צעלעכצט, —
איז ווי פון אחדות דאָ פאַראַן אַ רייד?...
יעדער ציט צו זיך, נישט פון ווילטאָג ווענן, נאָר פון פיין און לייד!
מיין יעדער אבר קרעכצט:
אוי, גיט מיר כאָטש אַ ביסל שאָטן.
איך ווער פון זון צעברענט, צעבראָטן! — —
און ווי עס האָט גערעדט אַזוי — האָט זיך עס צעשאָטן...

# דאָס נעדעלע און די ניי-מאַשין

זויגט די ניי-מאַשין זיך מיט איר הוידעפּוס און טומלט,
קלאַפּט מיט אַלע אברים און ברומלט,
און מאַכט מיט זיך דאָס גאַנצע חדר פול,
כאָטש נעם פאַרשטעק די אויערן מיט וואַט,
אויב דו ווילסט נישט ווערן דול.
און פלוצים הייבט זי אָן זיך צו צעכעסן.
אָט-אַזוי-זיך-גלאַט,
אויף אַ נעדעלע אין שניידערס האַנט,
וואָס אַרבעט שטיל-געלאַסן,
ציט אַ שאַרפלדיקן פאָדעם דורך אַ שטיק געוואַנט,
און שמייכלט מיט איר גלאַנץ באַשיידן:
— שלעפּערקע, פאַרנעם זיך שוין פון דאַנען —
עס איז קיין אָרט נישטאָ דאָ פאַר אונז ביידע!
דאָרט, וווּ איך, די ניי-מאַשין, בין שוין פאַראַנען,
זאָל זיך נישט געפינען דיין געביין!
דאָרט דאַרף הערשן — איך אַליין!...
„אָבער צו וואָס מאַכן דאָ אַזאַ גערודער?
וואָס וואָלסטו אַליין געטאָן דען אָן מיין ברודער"!... —
וויל דאָס נעדעלע אַריינשטעלן אַ וואָרט.

— דו קליינער אָנגעשטאָלטער וואָרעם, זיי נישט פרעך! —
טוט די ניי-מאַשין אַ שפּרונג צעטראָגן און צעצערנט פון איר אָרט,
אַזש די נאָדל, אירע טאַקע, טוט זיך אַ צעברעך,
און עס האָט שוין נישט איר אַרבעט גאָר קיין פּעולה.
ערשט איצטער הייבט זי אָנעט צו פאַרשטיין
דעם סוד און קווינטעסענץ פון איר גדולה:
זי אַליין
איז גאָרנישט אַזאַ קנאַקעדיקער גדול,
זי ווירקט אין זכות פון דער פון איר פאַרשפּעטער נאָדל...

## דער פּאָדעם און די נאָדל

אַ שניידער ביין אַ בגד פּאַרעט זיך — פאַרריכט.
שטופּט זיך אַזוי שטיל־בגנבהדיק די נאָדל מיט איר שפּיץ.
און קריכט
דורך צונויפגעקאָרטשעטער פון ווייטיק הויט פון שטאָף.
דערגרייכט שוין ביז צום סוף,
טוט זי זיך אַ צי אַרויס
שטייף אַזוי און שלאַנק,
און טוט אַ בלאַנק
אַ בליץ
מיט איר נאַקעטן און גלאַטן,
(עס זאָל איר נאָר קיין עין־הרע נישט פאַרשאַטן !)
און שמאָלן קערפּערל דעם מידן,
און רוט אַביסעלע זיך אָפּ.
אין דער רגע רו
הערט זי מיטן אויער־לעכעלע זיך צו
צום שאָרכען הינטן פונעם פּאָדעם.
„וואָס שלעפּט ער זיך מיר נאָך כסדר, —
טראַכט זי אומצופרידן:
ווי עס שלעפּן זיך דעם וואָגן נאָך די רעדער !
ווי אַלטער מויד שלעפּט נאָך זיך גרויצער צאָפּ ?..
איך האַלט זיך נישט לחלוטין גרויס,
נאָר גיי מיט שלעפּערס האָב צו טאָן !
איז צו מיר אין אויערל פאַרקראָכן
און ווי אַ זלידנער וואָרעם קריכט מיר נאָכעט.
און דו — גיי, הייסט עס, צום דין־תורה לאָד אים ?..

ער האָט זיך, רחמנא לצלן,
אין מיין שטאָלצנעקייט און בלאַנק פאַרקאָכעט...

און ווייטער גראָבט זי מעשה-בריה
אין דער גראָבער הויט פון דער מאַטעריע,
און טראַכט זיך רוגזהדיק: איך וואָלט אים, אָך, צעשטאָכן!

דער פאָדעם אָבער איז זיך ווייטער פאַרמלאָכהט,
שלענגלט זיך און דרינגט אַריין אין שטאָף פאַרבאָרגן.
ער שאָרכלט בלויז פון צייט צו צייט אָן ערגערניש, אָן זאָרגן:
— אָט אַפּנים, דו ביסט זיך אַליין געפעלן,
ביסט פאַרבלענדעט פון דיין זילבערדיקן גלאַנץ;
דו האַלטסט זיך פאַר אַ גאַנצן גדול,
מרת האָדל-נאָדל,
פאַר אַ שלמהדיקע כלי!
מילא,
מוז מען זשע מיט דיר אַביסל קנעלן —
דו ביסט מער נישט ווי אַן (— אמת) נוציקער מכשיר,
וואָס דאַרף אַ וועג פאַרגרייטן טאַקע, הער, פאַר מיר.
ווייל ווען נישט דו זאָלסט פאַר מיר דאָ בויערן טונעלן,
וואָלט דאָך דיין מלאכה,
אָן דעם מינדסטן מזל-ברכה,
זיין אַ בלויזע פוסטע שפּיל!...
ווערט דאָך בלויז דורך מיר דערגרייכט דער ציל —
דאָס בגד זיין זאָל צוגעגרייט און גאַנץ.

דאָ האָט פאָדעם פונקט זיך אויסגעצייט שוין ביזן עק,
און זיך צוגעשמייכלט אין דער שטיל,
דער שניידער טוט אין בערדל זיך אַ קראַץ,
אָטעמט פון דער אַרבעט אָפּעט אַ פאַרשוויצטער:
— נו, וואָס טו איך דאָ אָן פאָדעם איצטער?
און די נאָדל ניט ער אַ פאַרשטעק
פאַרדראָסיק אין דער צווייטער זייט פון לאַץ...

# די פּאַסטריגע און די ניימאַשין

– אָס אַ פּנים, כ'בין באַ לייטן גאָר אין השיבות! –
שאָרכעט צישענדיק אַזוי די ווייסענקע פּאַסטריגע,
שוואַך באַהעפטנדיק צוויי זוימען פון אַ שוואַרצן שטאָף:
מיט גאַנצע שפּאַנען
לאָזט מען מיר דאָ איבער דער מאַטעריע גיין;
(נישט ווי יענער דאָרט אין ניימאַשין, וואָס גראָבט די ריוועס,
און קיינער ווייסט נישט וווּ עס קומט אַהינעט זיין געביין –
קאָן נאָך ערגערס געבן פון אַזאַ מין שטראָף?
איך דריגע!...)
און, באמת, וואָס איז זיך צוּ חידושן פאַראַנען,
אַז טאַקע איך, בלויז איך אַליין
גיב צו דעם שוואַרצן שטאָף דעם גאָרן חן!...

אָפּגעשאָרכעט, בלייבט זי ליגן רויק, שטיל
און שטשירעט פון הנאה מיט אַ לאָך פון ווייסע ציין.
און דאָ דאַלעבן די מאַשין –
זי רוישט, און קלאַפּט און טרעסלט ווי אַ מיל,
און ענטפערט אָפּ מיט שפּאָטנדיקן ביטול:
ווייסט נישט, ווער עס האָט דיר אָנגעטאָן, ווי זאָגט מען עס, דאָס היטל?
בלויז אַ מיטל
ביסטו דאָך, דער בגד זאָל אַרויסקומען געראָטן,
אַז עס זאָל זיך פּאַסן אויפן מענטשן אַרטיק;

שטאָפּסט זיך מיט באַרימעריי — אָ, זע, עס זאָל דיר נישט פאַרשאַטן!
דיין חן, אומשטיינס געזאָגט, באַצירט בלויז אַ רואין;
גיי ווייז דעם נאַר אַ האַלבע בלויז מלאכה!...
וואַרט צו און זע דעם סוף,
ווען ווערן וועט דער בגד פּאַרטיק —
אָן דיר וועט דערמאָלס זיך באַגיין דער שטאָף,
און דו וועסט שטיקלעכווייז זיך וואַלגערן אין מיסט און שטויב,
ווי אָפּפאַלעכץ פון דרויב.
און וואָס עס איז נוגע אים,
מיין נייפאָדעם פון וועלעכן דו שפּעטסט,
איז ער דאָך דאָס אייגענע וואָס דו — אַ דרים,
פון דיין משפחה;
נישט מער, ער איז דאָ נישט, ווי דו, נאָר בלויז אין געסט:
ער איז פון דיר אי שטאַרקערער, אי בעסער,
זענען זיינע נוצן
גרעסער,
(הגם זיין צוועק איז אויכעט נישט דעם שטאָף צו פּוצן) —
נישט צום סטריגעוועץ באַנוצט מען אים — צום נייען,
אַז אויף תמיד זאָל דאָס בגד זיין דורך אים באַהעפט!
און עס איז דעריבער גאָר פּאַר אים אַ קנאַפּ געשעפט,
אַז עמעץ זאָל אים זען...
ווייסט דאָך שוין דערפון אַ יעדערער, דער מינדסטער,
אַז נוצן ברענגען מערער די, וואָס שאַפן אינדערפינסטער...

# דער וואכערניק און דער שפּין

איינמאָל איז אַ וואָכערניק, אַ רייכער מאַן
מיט שווערן בויך, אין לייכטן צירלעכן געשפּאַן
צו זיין אָרימען בעל-חוב געקומען
אויפמאָנען ביי אים פּראָצענט.
ער האָט אים אָבער אין זיין שטיבל נישט געטראָפן.
קוקט ער זיך דערוויילע פאַרשעריש אַרום:
וואָס פאַרמאָגט דער קבצן, עס זאָל זיין צו האָפן,
אַז עס וועט מיין האָב-און-גוטס נישט ווערן דאָ פאַרברענט.
מיט אָט-אָ-דעם וועט ער בגוואַלט באַצאָלן...
גאָרנישט זעט ער נישט, קיין זכר פון קיין מעבל.
צינדט זיך אָן זיין כעס, ווי פעך און שוועבל:
— אַז פון הונגער זאָל ער ווערן שוין געשוואָלן;
מערער קריגט ער נישט ביי מיר קיין פּרוטה!
דאָ האָט אומגעריכט פאַרנומען
זיין אויער-באַראַבאַן אַ יאָמערלעך געזשום:
— ראַטעוועט מיר, ראַטעוועט מיר, ברידער גוטע!
צו דעם רופנדיקן קול געצויגן,
הייבט ער אויף דעם קאָפּ און זעט — אַ שפּין,
אַ גרוילעכער און גלאַנציקער אַזאַ ווי זילבערדיקער צין,
מיט אַ דיקן בייכעלע, אַ פעטס,
לויפט ווי אַ פייל פון בויגן
מיט רציחהדיקע אויגן

איבער זיין גענעץ
און כאַפּט, און שפּינט אין דעם אַריין אַ זשומעדיקע פליג
און פּראַוועט באַלד אַ פעטע סעודה פון זיין זיג...
— פוי! — לאָזט אויס דער וואָכערניק צו אים זיין כעס
און איילט צוועקצוגיין און שפּייט:
ווי עקלדיק דו ביסט, פּילפּיסלדיקער שפּינער,
טייוולס דינער!...
— צו דיינע פּיס און הענט, —
בטלט-אויס פון אים דער שפּין מיט שפּאָט און שפּאַס:
חוזק האָט זיין טאָטן נישט דערקענט!...
קוק אָקאָרשט זיך איין געדולדיק און מיט צייט,
קוק נישט (ווי עס זאָגן די חכמים) אויפן בלויזן קריגל...
וועסטו, ברודערקע, שוין שווייגן,
ווייל דו וועסט זיך איבערצייגן,
אַז אין מיר — דערזעסטו זיך אַליין אין שפּיגל,
אַז דו — דער מענטש, און איך — דער שפּין
ביידע קצרן מיר צום זעלבן מין,
ביידע זענען מיר פון איין מאַטעריע...
און אויב דו ווילסט, בין איך אַ גרעסערער נאָך בעריע;
איך אויף מיינע נעצן בין אַ באַלעבאָס —
כ'גיי אויף זיי אַ זיכערער, ווי דו אויף באָדן פון געשטיין;
דיר אָבער, רב קרוב, נאָרט לסוף דיין נאָז,
און פּאַרפּלאָנטערט אין די נעצן — זיך אַליין...

# די אַלטע פליג און דער צלם-שפּין

געוועזן איז די אַלטע פליג געניט,
און שטענדיק זיך באַדענקענדיק געהיט,
אין דער פליגענער זשומזשומענדיקער בהלה
נישט צו קריגן די מפּלה.
שטענדיק פלעג זי חזרן: מע דאַרף זיך היטן!
נישט שטופּן זיך, ווו צווויי — אינמיטן;
עס לאָקערן אין ווינקלעך די נעצן פון די שפּינען,
און דו קאָנסט דאָרט פּטרן דאָס לעבן גאָר אינמיטנדרינען.
אַנומלט פליט זי דורך אַ שפּינוועבס מיט אַ צלם-שפּין אינמיטן,
— ביטע, ביטע! —
פאַרבעט ער איר עניוותדיק: אָ, לאָז דיך דינען!
כ'האָב שוין גאַסטפריינטלעך פאַרשפּרייט דאָ, זע, אַ טעפּיך.
„איך דאַנק! — צעזשומעט פליג און חזרט זיך: מע דאַרף זיך היטן."
— איך בין פאַרמאַטערט, —
ציט יענער ווייטער: כ'האָב די כּוחות מיינע שוין צעפּטרט,
און שוין אויסגעשפּיגן גאָר די קלעק
ביי מיין אומדערמידלעך שאַפן
אַ הכנסת-אורחים-הויז פאַר אָרימע און שקלאַפן,
אַז קוים די דאַרע פיס מיינע דערשלעפּ איך,
און ס'דאַכט זיך מיר — עס קומט דער עק!
דערביי צעצאַפּלט ער זיך אין געוועב מיט גאַנצן גוף,
און צאַפּלט אויס אין צאַפּלעניש אַ צאַפּלדיקן רוף:
— אָ, קום, איך בעט דיר, מיט מיין איינזאַמקייט זיך טיילן,
ווייל כ'בין איינזאַם אין דעם גרויסן קינסטלעכן געצעלט.

קום נענטער און זע —
אויף מיין רוקן טראָג איך דאָך דעם סימבאָל פונם גרויסן ווײ, —
דעם צלם, וועלכער ליידט פאַר גאַנצער, גאָרער וועלט!
אָ, קום און העלף מיר מיינע לעצטע גסיסה-רגעס ציילן!
„איך וועל אוודאי זיך נישט אָפּזאָגן צו היילן
דיינע ווונדן
איך אייל צו דיר און פלי!" —
טוט אַ זשום די פליג און — ליגט געבונדן,
און עס טוט פון איר דער צלם-שפּין דעם ערשטן סמאָקעדיקן צי...
„וויי מיר! וויי מיר! ווי כ'האָב זיך פאַררעטן! —
זשומט ווייטיקלעך די פליג: די אייגענע געבעטן...
חוצן צלם אויפן רוקן, ווי האָסט ריכטיק מיר געזאָגט,
האָסטו, מערדער, בלוטזויגער, נאָך אויך
אַ מויל אַ צבועותדיקס, וואָס פעלשט, פאַרפירט,
און נאָגט
זאַפּט אויס דאָס מאַרך-און-בלוט,
און באַהאַלט עס, אין דין שמאַלציק-פעטן בויך!
אָ, ווער עס מיידט דיך אויס — איז וויל פון אים און גוט!..."
אָפּגעזאָגט זיך, ציט זי אויס די פיסלעך און קרעפירט.

# ביבל - שפּראָץ

אויסגערוט און אויסגעשלאָפן זיך אין ווייכן שוואַרצן גריבל
אַ צעשפּאָלטנס פונם אָנגעיוירטן זאַפט,
אינמיטן מיט אַ גרינעם שפּראָצל
פול מיט פרישער יונגער קראַפט, —
האָט זיך אויפגעכאַפּט דאָס זריעהדיקע ביבל,
און זיך גלייך געמאַכט אַ גאַנג
צו לופט און שיין און זון.
סה'אָט דער דרויסן דעם באַגעגנט מיט געזאַנג,
מיט אַ חדוהדיקן, שטראַלנדיקן סקאָצל!
איז געוואָרן אונדזער ביבל גאַוהדיק דערפון,
און אַרויסגעשטעקט אַ גרינעם צינגל צו דער גאָרער וועלט,
אַריינגעשטראָמט אין דעם די גאָרע קרעפטן
און אַלע שפּילנדיקע זעפטן,
און פּיין אויסגעצערטקייט — זיך געפעלט.
דאָס צינגל-שפּראָצל האָט געטראַכט נישט לאַנג
און אַ ריס געטאָן זיך מיט אַ שטיפערישן לויף —
אַרויף!
פּלוצים שטייט אַ טיטשקע דאָ דאַלעבן אין דער ערד —
טוט עס אַרום איר אַ דריי זיך ווי אַ שלאַנג
און קאָרטשעט זיך צעביייזערט: — הערט!
ווער האָט עס אַוועקגעשטעלט מיר אָט-אָ-דעם-אָ שטעקן,
וועלכער זאָל מיר פירן צון אַ ברעג שטאָט אייגענע באַגערן!

איך וועל אַריינשלענגלען אַליין זיך אינם רוים,
אַריינוואַקסן אין הימל און דערלאַנגען שטערן!
לאָמיר אים, מיין חרפה-זייל, דערוויילע כאָטש פאַרדעקן
מיט ברייטע בלעטער
און מיט בליעכצדיקן שוים,
און שפּעטער
וועל איך אויפדאָסניי
זיך אַ ריס טאָן, ווי אַ פויגל, אויף דער פריי! —
און עס האָט געשלענגלט זיך מיט מי אָן אויפהער און פאַרדעקט,
ביז לסוף — די טיטשקע האָט זיך שוין געעקט.
דאָס שפּראָצל, אָנגעצווּוירן די אחיזה אין דער היך,
טוט מיט האַסט אַ ריס און שטרענגט זיך אָן
צו שלענגלען ווייטער זיך אַליין, אַזוי ווי רויך.
ס'האָט אַ וואַקל אָבער תּיכּף זיך געטאָן,
און דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט פאַרמאַטערט...
דאָ האָט עס דערהערט,
עס רעדט די טיטשקע פון באַהעלטעניש פון זיינע בלעטער:
— אָן מיר, אַ שטעקן גרונטגעפעסטיקט אין דער ערד,
ווערן אַלע כּוחות די צעפּטרט,
און צעשטערט,
וועלכע רייסן זיך צום הימל און צו געטער,
ווייל פאַרוואָרצלט און פאַרנאָפּלט איז דאָך יעדער אין דער ערד;
אויב מע קאָן מיט מיין הילף צו די הימלען נישט דערגרייכן
אַוודאי וועט מען נישט באַוויזן דאָס צו טאָן אַליין...

## ברונעם-זוויד און פלומפ

— מיר ביידע האָבן דאָך דעם אייגענעם באַרוף,
און די אייגענע אויך צילן —
דעם מענטשנס דאָרשט צו שטילן;
און זע נאָר, ווי פאַרשיידן
ס'איז דער מזל פון אונז ביידן! —
האָט אַ ברונעם-זוויד אַן אַלטענקער אָנומלט
פאַרן פלומפ, זיין שכן, זיך פאַרקלאָגט:
אָט בייג איך זיך אַזוי מיט גאַנצן גוף,
און שטעק דעם קליטשקע-צונג אין ברונעמדיקן חושך און דערשטיקעניש

אַז כ'ווער אַזש, גלויב, צעטומלט!
מיט סקריפּעניש און קרעכצעניש איך רוף
צו דעם אויסגעדאָרטן — מענטשס דערקוויקעניש,
און שעפּ,
און שלעפּ,
און צי,
און דאָס וואַסער, ווי עס וואָלט דעם עמעצער פאַרזאָגט —
עס וויל פון ברונעם נישט אַרויס
אָן גרויסער שווערער מי,
אַ גרויל!...
דו אָבער, קוים טוסטו זיך אַ נויג,
און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אַזוי —

תיכף טוט דער וואַסער-שטראָם אַ שטויס
דורך דיין אויסגעהוילטן אינגעווייד און מויל,
און מיט זילבערדיקן רעגנבויגנדיקן בויג
(צו דער גרויסער פרייד פון אויפגעהעלטן וואַסערטרעגערס אויג)
גיסט ער לוסטיק אָן די וואַסער-כּלים מיט זיין בלוי. —
געענטפערט האָט אויף דעם דער פּלומפּ אַזוי:
„ס'איז דערפאַר, דו פויגל אויסגעמאַכט פון האָלץ,
וואָס דו שטייסט זיך שטענדיק אויף דיין איינציק פיסל שטאָלץ,
און באַוויליקסט קוים צו זינקען אין דערנידער
מיט דיין צונג דעם דאַרן;
זאָגט דאָס וואַסער: — מעגסט אַביסל אַרן!
איך אָבער און אַלע מיינע ברידער,
וועלנדיק דעם מענטשן דינען אין זיין נויט,
האָבן זיך פאַרמשפּט אויף מסירת-נפשדיקן טויט —
מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף שטענדיק אין דער ערד
און ווען עס קומט צו אונז דער מענטש פון דאָרשט פאַרצערט,
דעם לעצטן אָטעם דריקן מיר פון זיך אַרויס!
דאָס וואַסער טוט אין אונזער ליידיק-הוילעניש אַ שטויס
און איילט זיך מיט אַ שטראָמענדיקן גאַנג,
און אַנטפּלעקט זיך מיט אַ פריידיק-פאַרביקן געזאַנג...

# אַן עפּל

אַ זאַפּטיקער, פריש-צאַפּלדיקער עפּל,
ווי אַ קעפּל
פון אַ שמייכלענדיק-רויט-בעקלדיקן שטיפער,
געפאַלן איז פון בוים אויף דרערד;
אין איר שוים-טיפקייט האָט דאָס דערהערט
אַ וואָרעם,
און אויפגעהערט צו גראָבן טיפער;
שטיל אַר. יסגעפויזעט, און געקרימט זיך, און געצויגן,
און אים פאַרשנדיק באַטראַכט
מיט קנאהדיקע אויגן.
— איך ווייס דען פון אַ לעבן גאָר צו זאָגן, —
רעדט ער שטיל צו זיך אַליין:
שטענדיק קריכן גאָר אין קברים
פינסטערע ווי נאַכט,
און אויפעסן אויף ערד די ציין,
און אָנפּויקן מיט זאַמד דעם מאָגן!
אים, זעסטו, דאַרף ליכטיק זיין אויף זיין געמיט —
עס שפּראָצט פון אים דער רויטער זאַפט, און גלעט,
און שמעקט, פאַרשיכּורט, ווי אַ גוטער ווייַן!...
טרויעריק שמייכלט צו צו אים דער עפּל: דאַרפסט זיך גאָרנישט קרימען
גישט פאַרמיאוסען דאָס לעבן פון די זיידעס!...
קוק נישט וואָס מיין פּנים קוועלט,
וואָס איך בין צעהעלט,
איינגאַנצן מלא-שיין —
ס'איז אַ קנאַפּער סימן;
מיין האַרץ איז, גלייב, אַ נעסט פון שוואַרצער פּיין!
איך האָב אויף דעם אַן עדות —
איינער טאַקע, זע, פון דיינע אייגענע חברים
ליגט דאָרט טיף אין מיר און טאָטשעט די געדערים...

# דער מעת-לעת און דער פויער

פאַרנאַכט-צו האָט דער טאָג
פאַרן פויער אויסגעוועוערקט זיין קלאָג:
— זי קומט שוין, די ציגיינערין, די נאַכט
מיט איר רויט-לבנהדיקן ציגאַרעט,
לאָזט דעם אָוונט-רויך אַריין אין מיינע העלע אויגן,
ביז אַ סגי-נהור ליג איך אויסגעצויגן...
„עט"! —
שלאָגט דער פויער איבער אים מיט שמייכל:
כ'ווייס —
ס'איז אַ קנאַפּער שכל,
ס'איז דאָך שוין באמת צייט,
אַ ביסל צו געניסן רו
נאָך כסדרדיקן באָדן זיך אין שווייס;
איז ווער-זשע גיט עס זיי, די לייט,
זאָג אָקאָרשט-נאַר, אפשר דו?...
פאַרטאָג
וועקט אויף דעם פויער גאָר אַ שפּאָגלנייע קלאָג:
— ער קומט שוין אָן, דער גזלנדיקער טאָג,
רייסט בגוואַלד מיר אויס די שטערנדיקע אויגן,
דרינגט-אַדורך מיט ווייסן קרעץ מיין גוף —
גוואַלד!
איך וועל דאָך באַלד
שוין ליגן אויסגעצויגן...
„געבענטשט זאָל זיין דער רוף
פון דעם וועקנדיקן פרי!" —
שלאָגט דער פויער איבער איר אינמיטן:
דו מאַכסט מענטשן בלויז דאָך פויל,
קאָרטשעסט זיי צוזאַמען אין אַ שלאָפנדיקער קנויל;
ער אָבער — צו אַרבעט רופט, צו מי,
און וועקט די פרייד אין די געבליטן.

# סמעטענע און זויערמילך

— כ'בין פעט און הוילע שמאַנט!
צום ערשטן וועט דערפאַר דער באַלעבאָס פון מיר געניסן,
שוין אָפגערעט דערפון וואָס כ'קום אים תיכף צו דער האַנט,
האָט פון סמעטענע ס'געלפיינימדיקע ווערכל
מיט אַ יוירנדיקן שערכל
באַרימעריש צום ראַנד פון לאַדיש זיך געריסן.
די זויערמילך האָט אויך געוואָלט אַרויסזאָגן אַ וואָרט
פול מיט טיף פאַרדראָס —
ליגט זי אָבער אונטן שיעור דערדריקט,
דערשטיקט,
און קאָן נישט רירן זיך פון אָרט.
דאָ קומט צו דער באַלעבאָס,
באָר-וואָס
אַוועקגעשטעלט דעם אַקער,
דורשטיק ווי אַ פלאַקער,
גרייט צו מאַכן אָט-אָ-דאָ אויף דרערד זיין טיש,
און טוט אין לאַדיש מיטן האָלצלעפל אַ מיש...
און ווער עס איז געליגן אונטן ליגט שוין העכער,
די זויערמילך טוט אַ טאַנץ,
און ס'ווערט אין אויגנווייסלדיקן גלאַנץ
דאָס ווערכל איינגעשלונגען אָן אַ זכר...

# צווײ אַקערס

אויף אַ בערגלדיקן רוקן פון אַ מאָגער שטיקל ערד,
מיט שטיינער אַ באַזייטס, ווי דאָס וואָלט זיין דעמס תבואה,
שלעפּט זיך קוים אַ קנאָכנדיקער פערד,
רוקן אויסגעבויגן ווי אַ דוהע,
פיס ווי דרענגלעך איינגעשפּאַרט אין דר׳ערד,
און ציט מיט לעצטע כּוחות שוין אַן אויסגעטעמפּטן אַקער
אַ זשאַווערדיקער און אַ גרויער.
איבער אים געבויגן גייט אַ טרוקענער און דאַרער פּויער,
שוואַרץ און רויט פון שווערער מי
אין מיטנטאָגעדיקן, זונעדיקן גלי,
ווי אַ דאַרער קין אין פלאַקער.
עס לעגן-אָפּ זיך שטיקער גרויע ערד,
גרילצנדיק מיט זאַמד און שטיינער,
ווי דעם קאַבצנס פּיסע-נאָגע-דראַליעס פול מיט ביינער,
און דער אַקער, טעמפּנדיק זיך, ווערט פאַרצערט...
אין דעם פריצס זאַפטיק-מאַרכעדיקן שוואַרצן טאָל
ליגט אָן-דאָרט אויף שפּראָץ פון יינגן גראָז אַן אַקער,
און שיסט פון מאָל צו מאָל
געלעכטערן מיט זילבער-גלאַנצנדיקן פלאַקער:
— וואָס גריזשעסטו דאָרט, אַקער,
ווי אַ הונט, די שטיינער אָן אַן אויפהער?
וועסט די ציין צעברעכן,

זויפער!...
און קוים דערגרייכן
צון אַ ציל:
כ׳בין מסופק צי דיין תבואה וועט זיך לוינען פירן צו דער מיל.
אָבער פויערס אַקער רייבט זיך ווייטער;
אָפטער יענעמס שפּאָט-טענות פאַרמיידט ער,
און זעלטן גאָר ער ענטפערט אים מיט חוזק צריק.
— הער נאָר, דו,
שמעלץ זיך דאָרט אין גלאַנצנדיקן פּוץ,
אין פריצישדיקער פוילער רו,
אין שמ׳אַלצעדיקן, חלבדיקן לאַך,
וויפל סגלוסט זיך דיר אַליין!
נאָר מיר, זע — לאָז געמאַך.
זאָל נישט אָנגיין דיר, וואָס כ׳קייע שטיין.
אדרבה, דאָס איז גאָר מיין גליק:
פון שטיינעריק-פאַרוויסטער ערד איך בייס אַרויס די גאָרע נוץ!
דיין האָבער, גערשטן וועלן טפשים אינדיקעס בלויז פּיקן,
הינער נאַרישע מיט זיי זיך וועלן קויקן;
זיי וועלן פעט-געשטאָפּטע גענז צו שחיטה גרייטן,
הינטנס פעט-געפּאַשעטע צעברייטן
— ביי די ליידיקגייערישע פערד אין גרויסע שטאַלן —
פון פויערים-געזינטן צוגערויבטע זאַלן...
איך, — כאָטש מיין פּנים אָן אַ גלאַנץ איז, שוואַרץ,
טראָג איך אָבער שטילערהייט די פרייד ביי מיר אין האַרץ:
דאָס גערשטן פון מיין פעלד וועט געבן ברויט,
אָן אָרים פויערים-געזינט דעררעטעווען פון טויט!

# דער פויער און דער לאָקאָמאָטיוו

איינמאָל אין אַ ברענענדיקן זומערטאָג אַ פּויער
שטייט אַזוי אינמיטן פעלד, און פול מיט טרויער,
מיט אויגן פולע טרערן,
קוקט אַרויף צום הימל
און לאָזט צולעצט אַראָפּ דעם קאָפּ מיט זיפץ צו דרערד;
— נו, משמעות ס'איז באַשערט
מיין פעלד זאָל ווערן
אויסגעטריקנט, אויסגעבּרענט פון היץ
אונטער זונעדיקע פייער-בייטשנדיקע שמיץ,
און די זריעות פונם דרימל
זאָלן נישט דערלעבן אויפצושטיין אין שפּראָץ, —
אַז מע זעט גאָרנישט פון כמאַרעס,
זאָלסט עס זאָגן, כאָטש אַ צייכן,
און פון רעגנס הערט מען נישט קיין פּאַרעס,
ווי די הימלען וואָלטן זיין פון בלעכן;
ס'האָט זיך אָפּגעטאָן, אוי-ווי, דער חסד גאָטס!... —
דארויף יאָגט אָן מיט אייזן-קלאַפּנדיקן רעש,
מיט ווילדן ריטש
דורך האַרמידערישן טיק-און-טאַקישן מישמאַש
אַ בייכעדיקער צוג מיט שטאָלצן פייפערדיקן קוויטש
און בלאָזט פון זיך מיט גאוה גאָר אַ שרעק:
— קאָנסט צו דיינע טענות, פויער, מאַכן שוין אַן עק;

זעסט, איך טראָג דיר גאַנצע בערג מיט כמאַרעס —
קאָנסטו שוין פאַררעכענען די רעגנס גלייך ווי באַרעס...
דערביי האָט ער דאָס פעלד פאַרהילט מיט קנוילן רויך,
אַז עס איז דעם פויער ביטער אַזש געוואָרן אין די אויגן,
און פינסטער אין צעגליטן מוח; —
און אַ נישטגוטער פונקט, איז ער, דער באַן, פאַרפלויגן.
אים נאָכגעשאָקלט האָט דער פויער מיטן קאָפּ;
— צו דיינע אַקס-און-ראָד, באַרימער, מיינע צרות!
דיינע כמאַרעס זענען טרוקן, ווי עקרות,
און צעשווימען גלייך ווי שטויב-וועבס אין דער הייך;
נישט אומזיסט דאָך האָסטו אָפּגעצויגן שנעל-גאַלאָפּ —
אַלע ליגנער האָבן שוין אַזאַ נאַטור
אָפּגעזאָגט און אָפּגעצויגן און — קיין שפּור!
עס בלייבט פון זיי נישט מער ווי טשאַדיק-מיסער ריח...

# קאַצנשפּיל

אַ מייזעלע אַ קליינס, אינגאַנצן נישט דערפאַרן
צו היטן פאַר אַן אומגליק זיך און צרה,
שטעקט אַמאָל אַרויס דאָס קעפּל פון דער נאָרע,
און דערזעט:
אַ קנײַלעכל גאַרן
איבער דער פּאָדלאָגע קײַקלט זיך און דרייט,
און שטעלט זיך אָפּ,
און אָט שוין ווידער גאָר אַ שפּרונג גאַלאָפּ
אונטער שפּילנדיקע שטילע, ווייכע לאַפּעס
פון אַ ריזיקן באַשעפעניש מיט ברענעדיקע אויגן —
ממש פלאַמען;
אָט אַ וואָרף עס, אָט אַ כאַפּ עס,
אָט געשלעפּט עס, אָט געצויגן
אַזוי' שטיפעריש און גראַציעז-געשיקט.
פון דער שפּיל דאָס מייזל איז אַנטציקט,
און פּיפּסעט רופנדיק דער מאַמען.
— אַוועק, דו קליינער גולמעץ! —
טוט די מוטער דעם אַ ריס מיט צאַפּלשרעק ביים עקל:
קאָנסט נאָך נישט קיין קעץ,
קאָנסט פון איר דאָ באַלד אַרײַנכאַפּן אַ פּעקל!
אָט די שיינע תמימותדיקע שפּיל
האָט אַ בלוטיקן, אכזריותדיקן ציל —
אונזער שונא לערנט זיך עס דאָ דעם אופן,
עס זאָל קיין מויז פון זיינע נעגל נישט אַנטלויפן.

# דאָס קעצל און דער נאָדלער

זיך אויסגעגענעצט צו דער זאַט
אויף דער באַלעבאָסטעס ווייכער קני,
נאָך יעדן אירן גלעט זיך טוענדיק הנאהדיק אַ צי,
רייצט זיך מיטן שטוב-נאָדלער דאָס קעצל:
— דו מרוק, דו קריכנדיק רב פלעצל,
דו ריבאייזן, דו שטעכעדיקע באַרשט פון האָר!
זע נאָר ווי מיין פעלעכל איז גלאַט,
און רופט אַרויס צו זיך פון יעדנס האַרץ אַ ליבע...
— גלאַט-פעלעכל, גרין-אויגעלע,
ראָז-פיסקעלע, עק-בייגעלע,
אַז דיין פעלעכל איז גלאַטיק-גלאַנציק דאָס איז וואָר —
ענטפערט אָפּ דער נאָדלער, קוקנדיק מיט אויגן טריבע;
אָבער — איז דאָס דיין פאַרדינסט?
ביסט דאָך בלויז אַ דאַנק דעם גלעטן וואָס דו בינסט...
וואָלט מען אויך מיט מיר געוועזן אזוי אַ „פאַניבראַט",
וואָלט מען אויכעט מיר אַזוי געגלעט,
גיי איך אין געוועט —
מיין פעלעכל, ווי דיינס, געוועזן וואָלט גלאַט!...
— עך, דו נאַרישער בר-שכל, —
טוט דאָס קעצל פויל אַ שמייכל:
ליגט דאָך טאַקע דאָ דער הונט באַגראָבן:
אַז בכדי מיט דיר אַן עסקל צו האָבן,
מוז מען פריער די נאָדלען פון דיר שאָבן...

## דאס אדלער-בילד און די פליג

איינמאָל האָט אַ יונגע שטיפערישע פליג,
אַ פליגל קליין און גרוי,
אָפּגעהאַלטן אומגעריכט אַ גרויסן זיג:
זיך טראַגנדיק אַזוי
ברייט-צעפליגלט אין דער ליידיקשטייענדיקער שטילקייט,
מיט אַ רעשיק-רוישיקן געזשום,
(אַז וואָלסט קאָנען מיינען — זע, אַ קינדערישע מיל גייט,
צוגעשפילט פון לופטיקער און ווינטישער קאַפּעליע),
קונצן יאַטישע אַזוי באַווייזנדיק,
קרייז אין קרייז אַזוי זיך קרייזנדיק
אַרום, אַרום,
אַלץ העכער, העכער,
אַלעמאָל צעטראָגענער און גאוודיקער-פרעכער, —
האָט זי זיך אַרויפגעפליגלט, זע, ביז סאַמע אונטער סטעליע
און געבליבן שטיין
שטאָלץ-צעשויבערט-ווילד
אויף אַן אָדלערס פיין-געמאָלטן בילד.
— אָט ווּהין מע קאָן דערגיין
מיט דרייסטקייט און טאַלענט! —
האָט אויסגעשריגן פרייד-נצחונדיק די פליג:
אָט, זאָלן עדות זיין די ווענט
אויף דער וווּנדערלעכער זאַך,
אויף מיין גרויסן זיג!
איך שטיי —

אויף אָדלערישע פליגל,
פעסט און זיכער, ווי אויף ווענט פון ציגל;
איך גיי —
אויף אָדלערישע אברים רמח!
און — (ווי עס האָט מיין באָבע מיר דערציילט אַמאָל,
אַז אַן אָדלער קאָן אַרויפקרייזן צום הימל),
אויב דעם אָדלער זאָל זיך נאָר פאַרגלוסטן
זיך דערוואַכן פון זיין דרימל,
און אַ פּאַטש טאָן מיט די גבורהדיקע פליגל, — היי!
לעכערט ער דאָך דורך די סטעליע און דעם דאַך,
און עס פעלט שוין נישט קיין סאַך,
כ׳זאָל צו בלויער סטעליע פון דעם הימל גרייכן!...
ליידער ווייזט דער אָדלער נישט דערווייל קיין צייכן,
ער זאָל בדעה האָבן פונעם דרימל צו דערוואַכן —
ער טוט זיך נישט דעם מינדסטן ריר...
לאָמיר אויפדערווייל-זשע אפשר מאַכן
צו זיין קיניגלעכן קאָפּ אין קרוינ־ל אַ שפּאַציר. —
נאָר אויבן האָט אויף איר
אַ פלאָאימדיקע אומגליק-איבעראַשונג שוין געוואַרט:
אַ פעדעמל אַ זילבערנס אַ פיסל אירס פאַרטשעפּעט צאַרט;
זי טוט אַ טריט,
פּאַמעלכן, געהיט;
— אוי-וויי! אוי-וויי! —
פון פיסלעך איז פאַרקראָכן אין אַזאַ מין מאָך איינס,
און אָט — שוין צוויי!
און נאָך איינס באַלד און נאָך איינס —
עס זינקען אַלע פיר;
ס׳איז שווער זיך שוין צו טאָן אַ ריר...
זי קולעוועט, און גוואַלדעוועט, און ברומעוועט, און זשומעט
מיט אַ וויינענדיקן ניגון,
מיט אַ נאָגנדיקן אומעט,
און זי רייסט זיך מיטן גאַנצן גופל און די פליגל.

זי דרייט זיך,
קרייזט אויף איינאונזעלבן אָרט אַן עיגול,
און, פאַרשטייט זיך,
זי פאַרדרייט זיך
און בלייבט ליגן
איינגעפלאָנטערט און באַנעצט,
זיך פון דאָרטן נישט אַרויסצוקריגן.
און דאָ — זי ווערט פון פחד געל און גרין —
עס לצט
פון הינטער קרוין אַ שפין,
(שפינען, ווי באַוווסט, זיך האַלטן פון די קרוינען נישט פון ווייטן...):
— אָהאָ! דו לאָזט אויף פרעמדע פלייצעס זיך צום הימל רייטן...
ביסט דאָך, נישטיק פליגל, בסכהכול,
אויף אַן אויסגעמאָלטן אָדלער-בילד. נישט מיין,
און — אויסגעקוקט שוין אויפן הימל אַ ספעקטאַקל!...
אַזוי איז דאָס מיט אַלערליי באַרימער:
אַ שאָטן פון אַ באַרג,
דורך זיי דערגרייכט,
איז — באַרג אַליין...
און
דער מינדסטער שימער —
זון!... —
נו, רייס זיך נישט אומזיסט, דו קליינע פליג און גרויסער נאַר!
ס'איז שטאַרק
מיין שפייעכץ-שטריקענער געפלעכט... — —
דער שפין האָט זיך דערנענט מיט פרעסערישע אויגן;
די פליג בלייבט ליגן שטאַר,
און פילט — זי ווערט געשטאָכן, און געזויגן, און געזויגן...

# דער נאדלער און דאס פייגעלע

איינמאָל, אין אַ האַרבסטיקן פאַרנאַכט,
האָבן יאַטן צוויי געפאַנגענע געבראַכט:
אַ נאָדלער און אַ פייגעלע;
דאָס פייגעלע צעפעדערט און צעציטערט,
דער נאָדלער, ווי אַ קנויל מיט דערנער אָנגעפּיקעוועט, פאַרביטערט.
אָפּגעשפּילט זיך, אָפּגעלאָזן זיי און צוגעמאַכט די טיר,
(עס האָט די שפּיל שוין צוגעגעסן זיך די יאַטן) —
טוט דאָס פייגעלע
זיך באַלד אַ הייב אַרויפעט צום סופיט,
שאַרוועט אויף אַ וואַנט מיט נאָכגעלאָזטן, מאַטן,
שוואַכן פליגל,
פאַרשטאָרכעט דאָרט זיך אין אַ ווינקל,
און מיט אַן איינאינאייניציק שאַרפן אייגעלע
טוט עס בלויז פון צייט צו צייט אַ פינקל.
דער נאָדלער אָבער, לכתחילה זיך נישט טועגדיק קיין ריר,
הייבט אָנעט באַלד צו שיטן, ווי מיט אַרבעס,
שנעלע טריט,
און, ווי אַ דולער, קרייזן אָן אַ סוף אַן עיגול.
— וואָס לויפסטו דאָ אַרומעט, ווי אַ חסר-דעת,
אַ צערודערטער און פול מיט כעס?!
פישטשעט שטיל דאָס פייגעלע פון סטעליע:
זעסט דאָך, אַז די יאַטישע קאַפעליע
זיצט נישט איין —
דאָ אַרויס און דאָ אַריין,

און נאָר זיי רודעווען און גייען;
פון דיין דרייען
קאָן, נישט אויסגערעט זאָל זיין, געשעען...
איך וואָלט דיר נאַרייעט...
„תרבות!
רעד גאָרנישט צו מיר, דו רוחניותדיקע, פליענדיקע שמהן! —
שלאָגט דער נאָדלער איבער מלא-חימה:
איך קאָן נישט, אַקוראַט ווי דו,
געניסן פון דער רו,
נישט זוכנדיק קיין אויסגאַנג פון דעם מצב,
ווי אַ בהמה
פון דער גראָבער האַנט פון קצב...״
— אָבער... — ווייל דאָס פייגעלע זיך טאָן אַ שפּאַר.
„כ׳זאָל אַזוי נישט וויסן פון קיין צער, —
לאָזט דעם נישט דער נאָדלער: ווי ס׳איז גוזמא-גרויס דיין נאַר!
קעמפן דאַרף מען קעגן יעדן גזר!
דו פחדן מיט אַ הערצל פון אַ האָז!
דו פלאַטערקאָפּ, און פעדערפעלענע-צעבלאָזטע בתולה!
אַבי דו ביסט פון אויבן — ביסטו שוין באַגליקט,
האָסטו שוין די גאולה...״ —
ער וואָלט נאָך אַזוי געשאָטן און געשיט,
און געפּלוידערט ווי פון היץ,
און נישט געוואָרן מיד,
צו טעלעפּען מיט די פּיאַטעדיקע טריט;
אָבער דאָ האָט אים אַ יאַט,
אַט-אַזוי-זיך-גלאַט,
אָנגעטראָטן אויף דער נאָז...
עס טוט
פוןביידע נאָזלעכער דאָס בלוט
אַ שפּריץ!
אָן עק —
דער פרייהייטסקעמפער ליגט שוין דאָ דערדריקט,

דערשטיקט.
די יאָטן כאַפּט אַרום אַ שרעק,
זיי עפענען אַ פענסטער, וואַרפן אים אַרויס.
— זעסטו, אַז דיין קעמפעניש איז ווערט געווען אַ שפּיי;
אָט-אָ ווער עס איז דאָ פריער אויף דער פריי! —
טוט דאָס פייגעלע אַ שאָס אַרויס פון פענסטער:
אָט-אָ וועמעס נאָר ס׳איז גרויס,
און וועמעס ס׳איז דער קלענסטער!
ווילסטו פריי זיין — לויף נישט אומעט אָן קיין זינען;
ווייסט די פרייהייט נישט געפינען
סתם-אַזוי-זיך גאָר אינמיטנדרינען;
האַלט זיך אין דער הויך,
באַצי אָן אויפהער מוח,
מערער ווי דו אַרבעסט מעשים — טראַכט,
און באַפריי זיך — צו דער ריכטיקער מינוט...
נו, שלאָף, דו קרבן פון דיין נאַרישקייט, באַרוט... —
אָפּגעזאָגט, פאַרשווינדט עס אין דער הושכניש פון נאַכט.

# דער אינדיק און די רויטע איבערבעט

איינמאָל אין אַן ערב-פּסחדיקן מאָרגן,
ווען יעדער באַלעבאָסטע, צון איר גרויסער לויב,
טרייבט אַרויס פון אַלע ווינקעלעך פון שטוב דעם שטויב
מיט אַלע פאַראַיאָרעדיקע זאָרגן,
(אַ חסרון נאָר, וואָס שטענדיק קומען זיי צוריק,
און ס'העלפן נישט דער באַלעבאָסטעס גאָרע פלייסן), —
ליגט זיך בייכיק-איינגעפאַלן אויסגעשפרייט אין געסל
אַ רויטע איבערבעט, פון ציכל אָפּגעשוונדן, אויף אַ טיש,
און לאָזט זיך מיט קבצנותדיקער רחבות שמייסן
פון אַ כיטרע-אויסגעפלאָכטענעם און בויגעוודיקן שטויבער.
— רויבער! —
טרייבט זי אַלעמאָל מיט אים אַ שפּעסל,
און פאַלדעט זיך און קאָרטשעט זיך פון נחת און פון גליק,
ווי אַן אביון אינם מרחץ אויף דער ערשטער באַנק:
קלאַפּ שטאַרקער נאָך און בויקער,
נישט זשאַלעווע אַן אַלטן הויקער!
און מיין איינגעלעגערט אינגעווייד אין שויס —
צעמיש!
עס זאָל פון דעם דער שטויב אַרויס,
און שווינדן ווי אַ רויך!...
איך זאָל ווערן זויבער-בלאַנק!
— קינדער! —
טוט זי זיך אַ ווענד צון אירע פעדערן אין בויך:

כאַפּט אַ ביסל פרייערער דעם אָטעם אָפּ אַצינדער,
עס שיינט אויף אייך די זון און ס'גלט אַ ווינט אַ לינדער...

שפּאַצירט דאַלעבן דאָ האָט הין און צריק אַן אינדיק
מיט אַ רויט-צעגליטן גוידער,
שטאָלץ אַזוי און אָנגעבלאָזן-רוצחיש, אַזש כאַטש טו אַ שוידער,
חנדלדיק געדרייט זיך מיטן פּאָכער-זעגלדיקן וויידל,
אויסגעטריטלט, אויסגעגווילט זיך אַ צירלעכן שפּאַציר
און אַרויסעט מיט אַזאַ מין לשון נישט-געבינדיק:
— האָלדער-האָלדער! ס'זאָגט איר נישט אויף איר —
דער קבצנטע אין אונטערשט-רויטן קליידל?!
ס'האָט שוין טאַקע מער נישט וואָס צו טון
די בלאַנקענדיקע זון,
ווי נאָר צו ברענגען, האָלדער-האָלדער, נוצן
אירע פעדערלעך די פוילע,
וואָס שטעקן נישט, ווי מיינע, אין אַ הייסער הויט,
און פילן נישט דעם שטראָם פון בלוט צעזאָטנס רויט,
האָלדער, האָלדער! און מיט אירע שטראַלן
אַזש צוון איר אין אירע מאָגערע געדערים פאַלן!...
און דער ווינט — צו גלעטן אָט דעם רויטן גוף דעם קאַלטן!
נו, ער איז נישט חולה
נאָך אַ ביסעלע צו אַרן
נאָך אַ יאָר אַ קיילעכדיקס פון קוואַרן!...
האָלדער, האָלדער, אַ? און וווּ איז מיין געשטאַלט,
דאָס שענסטע פון געשטאַלטן!
ווער, אַז נישט די זון, זאָל מיינע פעדערלעך מיר פּוצן!
ווער, אַז נישט דער ווינט, מיין זעגל-עק זאָל ווייצן!
האָלדער, האָלדער, פייער-רויט-און-פלאַם!
מע טאָר דאָך נישט פאַרגעסן ווער איך בין,
פונוואַן איך שטאַם!...

פלוצים — האַלט!

וואָס איז דאָ געשעען?
די באַלעבאָסטע האָט אַ כאַפּ געטאָן מיט פענד
דעם אינדיק אויף די הענט,
און לאָזט זיך גיין מיט אים מיט גיכע שפּרייזן.

— האָלדער, האָלדער, באַלעבאָסטענקע, וווהין?
— גיי, זי וועט דיר דאָרט שוין ווייזן, —
פליסטערט שטיל די איבערבעט איר נאָך
און גיט צוּן אירע פעדערלעך נאָך צוּ:
איך בין שוין אַ געניטע —
מע טראָגט איר צוּ דער שחיטה.
נוּ, עס וועט שוין זיין צוּן אירע פעדערלעך אַז-וויי-און-אָך!
וועלן אין אַזאַ מין בויך, ווי איך, אַפילוּ נישט געפינען רוּ...
נאָר דערפוּן,
מיינע טייערענקע, פּצכל-פּוכלדיקע קינדער,
וועט אַ האָרעלע נישט אונטערגיין די זון,
און דאָס ווינטעלע — נישט בלאָזן מינדער...

# דער הונט

אַ פעטן ביין
אָפּצוהיטן האָט געלאָזן שטיין
זיין טרייען הונט אַ באַלעבאָס.
פאַרבייגעגאַנגען איז אַ הונט אַ צווייטער,
און – אַ לאָז זיך צו!
אָפּצולעקן דאָ דעם ביין אַ גרייטער.
אונדזער הונט אָבער האָט מיט גרויס פאַרדראָס
אַ וואָרטש געטאָן: דו לאָז צורו!
און געוויזן אים די ווייסע שאַרפע ציין –
אויב נישט מיט גוטן, הייסט עס, וועסטו באַלד מיט בייזן גיין!
יענער האָט זיך אָפּגערוקט, און סלינעט פון דערווייטן, וואָרטשעט;
געבליבן וואָלט דער ביין שוין נישט גערירט.
דאָ האָט אָבער אונדזער הונט דערשפּירט,
אַז ער אַליין האָט אויך אַ מאָגן,
וועלכער מאָנט;
ס'אַ ווערטעלע צו זאָגן! –
ער האָט זיך שוין פון תאווה הונגערדיק געקאָרטשעט.
ער דרייט אַרום דעם ביין זיך אום אַ ראָד,
דערווייטערט זיך, דערגענטערט זיך און בעט ביי זיך אַליין
רחמנות און גענאָד
פאַרן איינגעשטעלטן ביין.
ער האָט ביישטיין אָבער דעם נסיון נישט געקאָנט.
איצטער זיצט ער טרויעריק און וואָרטשעט מיט געוויין.
– וואָס זאָל דאָס באַטייטן? –

פרעגט דער צווייטער הונט פון ווייטן:
האָסטו זיך אַ צאָן צעבראָכן בעתן קייען?
זאָל דיר ווייל באַקומען כאַטשביק דאָס פאַרדייען!...
— אָהאָ, האָסט מיר אים געבן נישט געוואָלט! —
רייצט ער ווייטער זיך מיט אים מיט בייזפרייד און נקמה.
— ווי צום וועכטער,
וואָס אָנשטאָט צו היטן
האָט ער מיט די ראָליען מיטן רויבער זיך פאַרביטן
און יענער איז פאַר אים גערעכטער.
— פאַר אַ ביין האָב איך באַצאָלט
מיט מיין טרייער הינטישער נשמה... —
האָט געלאָזן אונדזער הונט אַ טרער,
און קיין וואָרט נישט אויסגערעדט שוין מער.

# דער חזיר

אָפּגעזויגט אַ בלאָטע-זומפּ וואָס טיפער און געדיכטער
פון דעם תמוזדיקן אָנברען נאָך אינגאַנצן נישט דערבאַקן,
לאָזט דער חזיר נישט אַריין זיך אין קיין חקירות
(ס׳איז אַ דוחק דאָך אין קילע פייכטע דירות),
און תיכף-ומיד אַהין פאַרקריכט ער.
אָפּגעשטעלט זיך סאַמע אינדערמיט,
אויף די פיס די הינטערשטע געקניט,
זינקט ער באַלד אין בלאָטע ביזן האַלדז-און-נאַקן.
עס שטאַרצן בלויז אַרויס דער רוקן און דער קאָפּ מיט גאווה
ווי ס׳איז פּאַסיק פאַר אַ יוסטע
באַלעבאָסטע
ווען זי האָט זיך שוין מיט אַלע אַרבעטן אין קיך אָפּגעראַטעוועט,
זיין שוּיפלדיקע נאָז מיט תאווה
אָטעמט, שמעקט און זויפט די אוירדיקע לופט, און סמאָרעט.
קיינער שטערט אים נישט זיין רו.
ער שליסט פאַמעלעכדיק-מתיקותדיק די ברעמען,
און חלומט האַלב אין דרימל, האַלב אויף וואָר:
— וואָס זאָגט איר נישט דערצו —
ב׳בין געוואָרן דאָך אַ גיבור!
ס׳איז אויף אַלעמען, ווייזט-אויס, אַ פּחד — מיינע ציינער!
און דעריבער
וואָגט נישט קיינער
קומען נעמען
פון מיין רוקן כאָטש אַ האָר...

— קראָ! קראַ! קראַ!
שטעלט זיך אים זיין טרייער-פויגל אויפן רוקן,
הייבט זיך אָן פּאַר אים, ווי פאַר אַ קדוש, בוקן,
און בּויערט אים אַריין אין טעמפּן קאָפּ:
— הער מיך אויס, מיין ווילטוער און שפּייזער,
כ'בין אַן אַלטער מאַן אַ גרייזער,
אויב איך ווייס עס נישט אַליין, געהערט האָב איך דאָס זאָגן
נישט דיין גבורה שרעקט די בעלי-חיים אָפּ.
נאָר פון דיין גלעגער-ז נקעניש דעם ריח-רע
קאָן קיינער נישט פון זיי פאַרטראָגן...

# די פיאַווקע און דער קאָמאַר

אַ מענטש האָט זיך אַנומלטן פּאַרנאַכט געבאָדן
אין אַ זומפּיק־שטייענדיקן טייך.
צו שטעלן זיך אויף אים האָט זיך פּאַרוועלט
אַ פּיאַווקע און אַ קאָמאַר־יונג צוגלייך;
די פּיאַווקע קומט הכנעהדיק,
פּאַמעלעכדיק — הנאהדיק,
דער קאָמאַר — חוצפּהדיק און זינגענדיק און פול מיט מוט.
— אָן זיין שאָדן,
אויף מיר געזאָגט זיין ביסל בלוט!
איך וואָלט מיט דעם דאָך ווי אַן אַדיר אָפּגעלעבט מיין וועלט,—
האָט די פּיאַווקע שטילערהייט געזאָגט,
זיך צוגעכאַפּט און צוגעפּאַלן און גענאָגט
די ווייכקייט פון דעם מענטשנס פוס.
פוי, דו עקלדיקער, קריכעדיקער שרץ,
דו אָנקעפּיקער, דו כולו־עק! —
האָט דער קאָמאַר אין דערלופטן צוגעזונגען מיט פּאַרדרוס:
נישטאָ אויף אַ רפואה כאָטש ביי דיר
קיין איין מאַניר
קיין פריצישער פון העפלעכקייט און וועלטלעכן דרך־ארץ!
איז עס צוגעפּאַלן ווי אַ קליעק
מיטן גאַנצן בויך,
דער גליטשיקער, ווייכלייביקער עם־הארץ,

און רעדט נאָך אויך !
די לערן זיך מאַגירן ביין א פריץ —
איך האָב אָפּגעשפּילט דעם מענטשן פריר
אַ פאַרוויגנדיקע, זיסלעכע מוזיק
וועגן לעבן, פרייד און גליק,
און איצטער ערשט, אָט זע,
איך שטיי
גאַנץ איידל און גאַנץ פיין,
און קוים וואָס איך באַריר
זיין לייב אַפילו מיט די שפּאָרנדיקע פיס;
בלויז מיין ציטער-נאָדל-שנאָבל אין זיין הויט איך שיס"...
— צון אַלדע שוואַרצע יאָרן גיי!
די צירלעכער-מאַנירלעכער פּאַצעט, —
האָט פאַרביטערט אונדזער מענטש געטאָן אַ ברום,
און דעם קאָמאַר אויפן לייב געפּלעט:
צי מע זויגט מיין בלוט נישט איידל, צי מע ציט עס איידל-פיין,
צי מע סמאָקעט עס גאַנץ-שטום,
צי מע נאָגט עס מיט מוזיק אַ פריר —
מיר טוט אַלצאיינס דאָך וויי
ס'מינערט זיך נישט אויף אַ האָר מיין פּיין.

# סאָלאָוויי און פאַסטעך

די זון איז פאַרגאַנגען.
עס גוסען די טאָגיקע קלאַנגען,
און שטום ווערט דער רוים פון דער וועלט.
נאָר איינער אַ פויגל א יינגער,
דער קעניג פון די זינגער,
שטייט אויף אַ צווייגל און טרעלט.
אויף ווייטע לאָנקעס, ברייטע פעלדער,
שטילע טייכן, דרימלענדיקע וועלדער
טראָגט זיך העל
זיין יעדער טרעל;
ווערט איינער קוים פאַרקלונגען, קומט אַ צווייטער שנעל,
און ס׳גיסן זיך צוזאַמען קלינגענדיקע טרעלן,
און פאַרגייען
ערגעץ אין דער ווייטקייט ווי נשמהדיקע ווייען,
און די לופט, פון בענקעניש דערשיטערט,
אין וויגנדיקע וועלן
ציטערט...
נאָך דער טשערדע איז דער פאַסטעך דאַן געגאַנגען.
דאָס כשופדיק געזאַנג האָט אים געפאַנגען
שפאַנט ער טיף גערירט
און שפירט
אַ דאָרשטיקן פאַרלאַנג —
נאָכמאַכן דעם סאָלאָוויס געזאַנג.
ער שניידט אַ צווייגל פון אַ ווערבע, און באַגייסטערט
גייט ער איבער דעם געבויגן און ער מייסטערט:
נעצט עס, קייט עס, און ער בייסט עס,
מיטן שטיל פון מעסער שמייסט עס

און מיט שאַרפן קלינג
שניידט אין דעם אַ לעכל.
פון אָנשטרענגונג זיין פנים איז שוין רויט.
ביז ער ציט לסוף אַרויס דאָס האָלץ
און ס׳בלייבט אים איבער שוין די הוילע הויט.
איצטער נאָכאַמאָל געעסקט מיטן מעסער,
אויסגעשניצט, אַריינגעפּאַסט דאָס צינגל.
ער שטעקט דאָס פייפל מיט אַ שמייכל
אינם מויל — — —
אָהאָ! עס פליסן זייער וווּיל
סאָלאָווייאיש־כשופדיקע טרעלן.
— איך שפּיל בעסער!
כ׳האָב בלויז געדאַרפן וועלן,
שרייט אויס דאָס פּאַסטעכל מיט שטאָלץ
און פול באַ־ימערישקייט לאַכט.
ער האָט קוים דאָס מויל פאַרמאַכט —
אוי־וויי!
געוואָרען איז דער סאָלאָוויי
אַנטשוויגן,
און עס איז שוין מער נישט מעגלעך גאָר צו קריגן
פונעם פייפל
קיין איינציק, — זאָלסט עס זאָגן, פיינעם טרעל.
— גיי —
צום טייפל — ל
שנעל!
האָסט פון מיר געשפּאַסט! —
האָט דער פּאַסטעך זיך צעכעסט,
און לאָזט זיך נאָך דער טשערדע שנעלער גיין.

— — — — — — — — — — — — — —

וואָס מיין משל לערנט? יעדער קאָן דאָס גרינג פאַרשטיין
זאָלסט זיך מיט די קענטענישן נישט צעשפּרייטן,
ווען באַקומסט זיי פון אַ צווייטן.

א. קרילאָוו

## וואָלף און באָטשאַן

אַז וועלף זענען פרעסער, ווייסט יעדער.
דער וואָלף עסט אָן סדר,
אינאיינעם דאָס פלייש מיט די ביינער,
דערפאַר האָט אַנומלט אַ צרה געטראָפן —
ס'האָט איינער
שיעור מיט אַ ביין זיך דערשטיקט.
ער האָט זיך געדרייט און געלאָפן,
אָט פאַלט ער און ליגט,
אָט הייבט ער זיך ווידער
און לויפט אַ דערשלאָגענער, מידער,
ער קאָן נישט, נישט שרייען
נישט קרעכצן און רופן נאָך הילף מיט קיין וואָרט;
כאָטש קאָרטשע זיך איינעט אין דרייען
און פגר אַוועק אויפן אָרט!
דאָ איז צום מזל אַ באָטשאַן געפלויגן
פאַרביי דעם וואָלפס אויגן,
דער וואָלף אויף די קניעס!
מיט כלערליי תנועות,
סימנים
מיט אימה-צעוויייטיקטן פנים

הייבט ער אָן רופן אים, בעטן אין אַנגסטן פון טויט:
— ראַטעווע, ברודער, אין נויט!
נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות
שטעקט דער באָטשאַן אינם וואָלפישן גרגרת
לאַנגען שנאָבל אַזש אַריבער האַלדז — אַ צי,
און נאָך אַ צי מיט האַסט,
און שלעפּט לסוף אַרויס דעם ביין מיט גרויסער מי.
און דער באָטשאַן בעט שכר-טרחא... — שפּאַסט! —
האָט בייז די פאַלשע חיה זיך צעשריגן:
ווי אומדאַנקבאַר דו ביסט, באַקלער עס!
שכר-טרחא ווילסטו קריגן?
און דאָס איז ווייניק נאָך פאַר דיר,
וואָס בשלום איז אַרויס דיין קאָפּ דער נאַרישער פון מיר?
פאַרנעם זיך גיך, מיין פריינט, וווהין דו ביסט געפלויגן,
און היט זיך קומען נאָכאַמאָל פאַר מיינע אויגן...

# דער שניי־מענטש און דער ווינט

אַ טאָג און צוויי
שטאָלץ־פאַרגליווערט איז געשטאַנען
דער גולמדיקער מענטש פון שניי,
און אויסגעקוקט פאַרגאַפט די וועלט,
מה־נשתנה־תמעוואטעדיק צעקוועלט.
ער האָט געמיינט:
קיין גליקלעכער און קלוגערער פון אים איז נישט פאַראַנען!

פּלוצים איז אַן אָדליגע אַנטשטאַנען:
אין די גלידער ווערט אים עקלהאַפטיק וואַרים;
ווי עס וואָלטן הייסע וואַסערדיקע ווערים
אים אַריינגעפּויזעט שטיל אין די געדערים, —
האָט ער זיך צעוויינט
מיט אַלע אברים רמ״ח:
— גאָט־גאָטוני, זיך דערבאַרים!
כ׳האָב דאָך גאָר קיין קינדהייט און קיין יוגנט נישט געהאַט,
כ׳בין דאָך שוין אַ גרייטער אַלטער מאַן געבוירן —
איז אַ יושר שוין צו גיין פאַרלוירן?!...
פאַרבייגעלאָפן איז דערביי דער ווינט
מיט אַ וואָיעניש פון מחנות הינט,
און מיט שדישן געשפּאָט און לאַך
דעם תּם אַ ריס געטאָן דאָס פּנים,
זיין גוף געטאָן אַ שטויס:

— גענוג! עס פעלן נישט קיין נאַראָנים
אויף צווישן בלוט-און-לייבעדיקן עולם.
אויב דו ביסט אַן אַלטער מאַן אַזוי אַרויס —
אַ כפול-שמונהדיקער גולם,
איז וואָס געווען וואָלסטו שוין אין די יונגע יאָרן?
ניין, ס'האָט קיינער גאָרנישט נישט פאַרלאָרן.
דיין יוגנט און דיין קינדהייט, ביידע
זענען גאָר אַ קנאַפּלעכע אבידה:
ס'איז אַ קנאַפּער צער,
אויב ס'האָט זיך נישט געכפּלט נאָך דיין נאַר...

# דער פּאַלאַץ

אַנומעלט אין אַ שטילער נאַכט,
אַדורכגעלויכטן פון פּראַזשעקטאָריש־לבנהדיקן שפּיגל
ווען געשטאַנען איז דער פּאַלאַץ דרימלענדיק־פּאַרטראַכט
פּאַרפּלאָנטערט, ווי אַ שלאַנקער ווייסער שוואַן,
אין נעץ פון גרינע זילבערדיקע שטראַלן, —
דערהערט ער פּלוצים אין זיין איינגעווייד אַ קריגעריי,
אַ שטומס אַזאַ און שטויסעדיקס, אַז אָט־אָ וועט ער פאַלן —
עס קריגן זיך די ציגל:
— דער מויערער דער געטלעכער אין זין געהאַט האָט דאַן
צו פאַראייביקן בלויז מיר,
כ׳זאָל פון רעגנס, אַלטקייט נישט אויף זאַמד צעפאַלן אויף דאָס ניי!
אויף אַזאַ מין שטייגער טענהן אַלע זייער טיינע —
ציגל אָן אַ מספּר, אָן אַ שיר.
— הערט־זשע, קינדער מיינע, —
ווינקט צו זיי דער פּאַלאַץ מיט אַ שטאָלצן שמייכל,
ווי אַ ווייסער שטראַל,
און ציט זיך אויסעט שלאַנק:
קריגט זיך נישט, איר אַלע — זענט איר מאַטעריאַל,
און אויך די אַרבעט פונעם מויערער — נישט מער ווי דאָס,
ווייל נישט ער געווען איז איבער אייך דער באַלעבאָס;
דער עיקר, זעט איר, איז דער גוסט און שכל
פון דעם געניאַלן אַרכיטעקט,
וועלכע האָבן אין געשטיין דורך מיר אַנטפּלעקט
אַ קינסטלעריש־פאַרקערפּערטן געדאַנק...

## דער וואָקזאַל

איינמאָל אין אַ פינסטער טיפער נאַכט,
אונטער הימל, שטערן גאָר אַ שלל,
האָט גרויסשטאָטיקער וואָקזאַל
אויסגעקוקט גרויסגאַוודיק — צעהעלט
דעם שטום-רעדעוודיקן מרחק פון דער וועלט
מיט טויזנט שויבנדיקע גליענדיקע אויגן,
ווי עס וואָלטן ברענען זיינע גהירן.
און ער האָט צערעדט זיך מיטן סקריפ פון טירן
און שווערגופיק זיך צעלאַכט:
— ווי עס שטראָמט צו מיר דער עולם! אָן אַן אויפהער
רק צו מיר געצויגן און געצויגן;
אָט אַ פנים איך בין דאָס איינציקע געצעלט,
וווּ מענטשן, לויפנדיק פון אומרו און באַטרוג,
קאָנען נאָך געפינען רו און דאַך — —
— אָט-אָ טראָגט זיך דאָרטן נאָך אַ סאַפּענדיקער לויפער, —
באַגעגנט ער מיט פרייד אַ פרישן צוג:
מיט צענטליקער קרבנות פון דער וועלט...
„דו רעדסט נישט צו דער זאַך,
דו שטיינערדיקער שטייער, —
סאַפּעט יענער זיכער און, זיך ראש געשטעלט,
שפייט ער פון די מיילער-טירן מענטשן גאַנצע קנוילן,
און אַנדערע פאַרשלינגט אויף זייער אָרט:

ס'איז דער אמת, שוטה, נאַר פון דיר פאַרהוילן,
ווייל ביסט צוגעשמידט צום אָרט,
ווי אַ קוואָקע צו די אייער;
עס קומט צו דיר נאַר דער וואָס פּאָרט,
צו זוכן רו אויף בלויז אַ קורצער ווייל,
און בלויז די היים איז סוף-כל-סוף זיין מיין,
(ווער ווייסט עס מערער נאָך ווי איך אַליין –
דער גאַסט וואָס זעט מיט זיינע אויגן פאַר אַ מייל...);
דערצו דיין גאַווהדיקער פאַווע-פּאָכער לעשט
דיין ביסל שכל-ראיה שוין צורעשט;
זעסטו דען נישט ווי די מענטשן בייטן, איילן זיך כסדר,
און קוקן אויס מיט אומגעדולד אויף מיינע רעדער,
וואָס פירן יעדערן צו יעדערנס באַגער?!...
נו, זע, איך ריר,
און סאַראַ מענטשן-קנויל איך פיר
אַוועק, אַוועק פון דיר!
הו-האַ! הו-האַ! הו-האַ!
טאַ-טאַ! טאַ-טאַ! טאַ-טאַ!
טו-טאָ! טו-טאָ! טו-טאָ-אָ!
איך בין! איך בין! ניש-טאָ-אָ!"

# שטיינער

געהיילֿיקט די שטומע פּאָעטן

אויף אַ פעלד פאַרוואָרפענע צוויי שטיינער
האָבן זיך אַמאָל צערעדט
אויף זייער שטיינערישן שטום-לשון אַזוי,
(אַ לשון וואָס עס קאָן עס נישט פאַרשטיין אַ קיינער,
סיידן אַ באַגייסטערטער אַמאָל פּאָעט):
— אָט ליגן מיר אַזוי זיך שטום און גרוי,
און קיינער
פילט אַפילו נישט — דאָ ליגן שטיינער,
וואָס זענען מיט ענערגיע און גאָט-קראַפט פול,
ווי אַ פעסל אַ פאַרשפּונטעוועטס מיט שוימענדיק ווײַן...
„עס איז אַ גרויסע, גרויע פּיין, —
ענטפערט אים דער צווייטער אָפּ ווי דול:
ליגסט פאַרשטיינערט אָט-אַזוי פון אָנגעשפּאַנטקייט און פון קראַפט
און אָפּגעזונדערט, אָפּגעיגולט—ווייטער גייסטו נישט פון דאַנען!
צו — אַ שטיין
ליגסט זיך איינענקער אַליין
אַקעגן גאַנצער וועלט, וואָס אָטעמט, רודערט, שאַפט
און שרייט: כ׳בין דאָ! —
צו אַלץ וואָס איז אין וועלט נאָר פאַראַנען...
— מיר האָבן דאָך אַפילו נישט דערלעבט די שאָ, —

קלאָגט דער ערשטער שטיין שוין ווידער:
עס זאָל אַ פּאַל טאָן איבער אונז אַ האַמער,
פון אונדזער געטלעכקייט דער מעכטיקער און מידער
אַ שליידער טאָן אַ זריעה־וואָרף פון פונקען אין שוואַרצאַפּל פון
דער וועלט

און אַ הילכיקן געדריי פון דונערדיקע רעדער
אַריינקייקלען אין אויער פון די הימלען:
מיר זענען דאָ! מיר זענען דאָ כּסדר
מיט אַ קרעפטיקייט אַזעלכער פולע מיטן אויג!
עס האָט אונדז בלויז אַן אָטעמצי פאַרפעלט... —
ווי זיי רעדן דאָ אַזוי — דאָ לויפט פאַרביי אַ צויג
און שטעלט זיך אָפּ, פאַרהייבנדיק אַ פיסל, איבער איינעם...
— זע נאָר, מיינע אוגערקעס אין פעסל שימלען,
און כ'האָב פון לאַנג שוין נישט קיין ביסל ראָסל ריינעם, —
שרייט אויס אַ פויערטע, וואָס גייט דאָ באַלד פאַרביי:
(זי נעמט דעם צווייטן שטיין) דו וועסט מיר דינען טריי
צו פרעסן מיינע אוגערקעס אַבי געזונטערייט!... —
שווייגנדיק לחלוטין האָבן זיך די שטיינער אונדזערע צעשיידט.

# דער מיקראָסקאָפּ און די שויבן

— וואָס שטייט איר דאָרט כסדר, גלאָצערס, אין די פענסטער! —
פון די שויבן לצעוועט דער מיקראָסקאָפּ:
אַקוראַט ווי עפּעס וואָלט איר קאָנען ווייזן,
(און דערמיט פאַרריכטן טעותן און גרייזן),
וואָס עס זעט עס נישט דער גרעסטער און דער קלענסטער
מיט זיין אויג דעם פּשוטן וואָס שטעקט ביי אים אין קאָפּ...
איך; —
איך בין פלאַמדיק אַנטפּלעקער
פון די סודות פון דער וועלט;
איך דערוויז דעם עק
פון אַלע אירע קנוילן!
איך בין וועקער —
וועק
דעם נייגיר און דעם דרייסט
פון דעם מענטשנס וואַכנדיקן גייסט
אין פליייש-און-בלוטיקן געצעלט!
ווייל יעדער פּינטעלע און שטריך
אויף אַלע פלאַכן
פון די עקזיסטירנדיקע זאַכן
בולט ווערט דורך מיר און קלאָר געניי...
כ׳בין אַ טייער און אַ נויטווענדיק געצייג
פאַר אויסדערוויילטע בלויז, מושלמים,

הויכגעלערנטע, חכמים...
— אַזוי, אַזוי, —
ענטפערן הסכּמהדיק־עניוותדיק די שויבן:
אָבער בעסער וואָלט געווען פאַר דיר — פאַרשוויג!
ס'אַ חסרון זיך אַליין צו לויבן,
און דעם צווייטנס מעלות גאָרנישט צו פאַרשטיין,
הגם מע קאָן אָן זיי זיך גיכער נישט באַגיין.
איך — צו עפּעס אַנדערש איז מיין שטרעבן:
אַריינצופירן ליכט אין מענטשנס שטוב,
ער זאָל נישט פינסטערן אַ לעבן אין אַ גרוב,
און נישט אַריינצולאָזן אין געמעכער
רעגן, ווינט און קעלט דורך פענסטערדיקע לעכער.
ווי איך פאַרשטיי,
אָן געדרינגעניש, אָן פשטלעך און גראָב־פינגעריק־געדריי,
איז אויכעט דאָס אַ הייליקער באַרוף,
צו זיין אַ מזל־ברכה
פאַר אַלע מענטשן גלייך:
פאַר אָרים און פאַר רייך,
פאַר חכמים און נאַראָנים
אָן שום משא־פּנים.
זון דאָס דערפיל איך דאָך מיט גאַנצן לייב־און־לעבן
פון מיין דינעם, איידעלן און שוואַכן גוף...
יאָ, און נאָך אַ קלייניקייט האָסטו פאַרגעסן,
(לאָמיר בעסער זיך אייננאַנדער צו די הערצער פרעסן!)
אַז ביידע שטאַמען מיר פון איין משפּחה...

# דער באַרג מיט זיין שאָטן און די זון

איינמאָל האָט אַ ריז — אַ באַרג
מיט אַ שטיינעריק-עקשנותדיקן קאַרק,
זיך געטאָן אַ שטעל
מיט פולער ברוסט און פלייצעס
אַנטקעגן זון,
וואָס האָט אין מזרח-זייט שוין אויפגעלויכטן העל:
— איך פרעג ביי קיינעם מער שוין נישט קיין עצות —
כ'האָב אַזוי פיל נאָך אין מיינע גלידער קראַפט,
וויפל האָפט
עס איז געווען אין וואָרט
פון
יהושע זון פון נון...
זון —
נישט פון אָרט!
היי! סיי-ווי-סיי
העל איך
נישט לאָזן גיין דיר דאָ פאַרביי...
איך לאַז זיך אויס
פון דיין הערנערדיקן שטויס!
ס'וועט דיין שפיז
זיך איבערברעכן אויף דער ברוסט פון ריז! —
געוואָרן זענען אַלע בערג דערשיטערט,

אויף זיין עז׳תדיקער שטותערייִ פאַרביטערט;
אויך די טשערדעס, וואָס אויף די שיפּועים האָבן זיך געפּיטערט,
(זון האָט זיי באַצייטנס מיט די שטראַלן-בעזימער געריטערט)
האָבן דריבנינקע געציטערט
און געשוויגן:
ווער פוןביידע ריזן וועט דאָ זיגן?!...
און עס וואָלט דער ריז, דער באַרג אַליין,
קאָן זיין, לסוף פאַרלוירן גאָר זיין מוט.
נאָר דער שאָטן, וואָס איז הינטער אים פאַרבהאַלטן
אין די שפּאַלטן,
אין די לעכער
זיך געלעגן,
האָט פון הינטן אָנגעקראַצט אים אין דעם פליך:
— איך
וועל דיר העלפן אין דעם שווערן קריג,
כ׳וועל גיין אַפילו ביזן בלוט!
נאָר פון אָרט זיך נישט גערירט —
און זון דעם קאַמף פאַרלירט;
פאַר אונז דער זיג! —
— כ׳וועל זיכער פעלזן-פּנסט דאָ שטיין,
אויב איך בין שוין טאַקע נישט אַליין!... —
אויסגעשריגן האָט אויף דעם דער ריז, פאַרקריצנדיק די ציין.
נאָר פון דעם, וואָס באַרג און שאָטן האָבן דאָ פאַרטראַכט,
האָט זון אין האַרצן שטיל געלאַכט,
און מיט אַ ליכטיק פּנים פול געלעכטער זיך צעלאַכט.
זי איז אַלץ געגאַנגען — נישט אַנטלאָפן,
העכער, העכער
מיטן גאַנצן האַסט און ברען — און בראָט:
איבער שטעגן — וועגן,
איבער וואַלד און איבער פעלד,
איבער גלעקלדיקע טשערדעס פיך,
איבער אויפגעטורעמט-אויפגעבערגטע דעכער,

און צולעצט
געבליבן שטיין
נצחונדיק מיט שפיז אין טראָם
אויך אויף אויפגעגליטן פליך
פון אונזער פעלז-געמוסקלטן, קשה-עורפדיקן העלד...
אַ פאַרחלשטער האָט ער געפילט:
ער האָט דעם קאַמף פאַרשפּילט!
ער ליגט צעטראָטן —
נאָר ער קוקט זיך אום
פאַרבלענדט און שטום
אויף זיין פאַרבינדעטן — דעם שטן,
זוכט אין אַלע שפּאַלטן אים און לעכער, —
אָ, פון יענעם העלד נישטאָ אַפילו איז דער מינסטער זכר.

## די העפט, דאָס קלעקפּאַפּיר און די פּען

איינמאָל האָט אַ העפט,
אַ זייבער-ריינע און אַ בלאַנקעדיקע ווייסע,
ווי דאָס ציינערישע ווייסקייט פון אַ נעגער ווען ער לאַכט,
אַרויסגעכאַפּט נאָר-וואָס זיך פון געשעפט,
בדרך-נס
פון דער דאָרטיקער דערשטיקנדיקער פּרעס, —
מיט גאוהדיקער איבערנעמעניש געטון אַ טראַכט:
— דו הער נאָר אויס אַ מעשה!
האָט זיך צוגעטשעפּעט, ווי געפּעלט עס אייך, דער קלעק -
דאָס בויגל קלעקפּאַפּיר, די האָריקע, די געלע לאַטע,
אָט דאָס איינגעפּלעצלט-דינע שוועמל פון געפּרעסטער וואַט,
וואָס פּאַסט פאַר מיר —
דעם פיינעם, איידעלן, ווייסלייביקן פּאַרשוין —
אַקוראַט
ווי דעם מאַנטל פון דעם אָפּגעניגלטן אַריסטאָקראַט —
אַ געלע לאַטע;
ווי אַן אַרבעס, שטאָט אַ דימענט — פּאַר אַ קרוין...
— אַוועק! —
טוט זי שאָרכנדיק אַ וואָרטשע,
און פון עקל זיך אַ קאָרטשע:
עס מוז דאָך יעדע לעכערלעכקייט האָבן ווען אַ ברעג!...
און ווי דער קויפער טוט די בלעטלעך אירע דאָ אַ מיש,

בלאָזט זי שנעל זיך אָן און טוט אַ פּאָך —
— פּאָך !...
און שוין איז קלעקפּאַפּיר פאַרפלויגן מיטן ווינט...
נו, פילט זי זיך, די העפט, שוין זייער גוט אַצינד.
אָט ליגט זי ברייט-צעעפנט אויפן טיש,
און ווייסלט זיך אַקעגן זון מיט גלאַנצן.
פּלוצים —
לאָזט אַ פּען זיך אויף איר זוניק-ווייסן פּנים טאַנצן,
און זי טענצלט אויס געדאַנקען פון אַ מענטשן...
— כ'ברען !
ווער באַטריבט עס מיינע ריינע איידעלע געבליטן ?!
פּען !
מיין יחוסדיקן ווייסן גוף — נישט קריץ אים ! —
צעכריפּעט זיך די העפט מיט רוגזא און מיט היץ.
— מיין יעדער קריץ
דאַרף זיין פאַר דיר אַ צערטל
און פאַר מיין יעדן ווערטל
דאַרפסטו, העפט, מיך בענטשן,
ווייל דו ביסט, פּאַפּיר,
דערצו באַשאַפן
אויפצונעמען און צו היטן
יעדן מינדסטן ריר
פון זעם מענטשנס דענקענדיקער גהיר... —
איר ענטפערט אָפּ די פּען מיט שוואַרצע קלוגע טראָפּן.
— אַוועק,
דו קליינער שנעק ! —
צעברענט זיך אין דער העפט דער כעס
שוין גאָרנישט אויף קיין שפּאַס :
דו, נעגערל פאַרקאַטערטס מיטן נעצנדיקן נצול,
דו לאָזט מיך נישט צורו ?!
איך לאָז דיק מער צו מיר נישט צו !
דו ועסט ביי מיר שוין שפּרינגען „האָפּציעס" ווי אַ העזל !...

זי פאַרצנדיקט מיט אַ וואָרטש,
און טוט זיך בפּוונהדיק אַ קאָרטש
צו פאַרהאַלטן פעז אינמיטן איר גאַלאָפּ.
גייט די פעז שוין אויך אַרויס פון כלי:
— מילא...
און זי טוט — אַ שפּיי...
— אך, איך בין פאַרביי!
דאָס נעגערל האָט מיך געפּטרט! —
ווערט די העפט פאַרצווייפלט מער נאָך ווי צעצאָרנט.
— איצטער ביסט שוין דו, מיין איידלער פיינער שררה,
ווי עס ווייזט מיר אויס, פאַרקאָטערט... —
לאַכט פון איר די פעז מיט שפּיצן צוויי צעשפּאָרנט,
און זי וואָרנט:
— נעם פאַרכאַפּ
און ויש זיך אָפּ
די נאָז;
צי האָסטו מיט אַ נאָזטיכל זיך נישט באַוואָרנט?!... —
איז דאָך אָבער טאַקע דאָס די צרה —
ס'איז קיין קלעקפּאַפּיר נישטאָ!
נישטאָ מיט וואָס
צו ווישן!...
שטייט דער מיסער קלעק דאָ אויף איר בלאַנקיק-ווייכן פּנים,
ווי אויף ווייסן שניי
אַ שוואַרצע קראָ,
און פאַרפינסטערט, ווי,
איר שמייכלדיקן חן,
צעשווימט-צעקריכט אויף בלאַנקן לייב אויף פרישן,
און דרינגט אַריין אין די געדערים,
ווי אַ קרענצל שוואַרצע נאַסע ווערים...
— פאַרוואָס? פאַרוואָס?
— אויף מיינע שונאים! —
קומט אַ שטראָף אַזאַ מיר, אָן אַ מאָס?!...

די העפט זיך איצט צעקלאָגט
מיט שוואַרץ געוויין...
נאָר דאָ האָט פּען שוין גאָרנישט מער געזאָגט.
נאָר אויסגעזוכט אַ רענדעלע פאַרבליבן־ריין פּאַפּיר,
און צוגעשריבן קורץ און שאַרף:
אָט וואָס שטענדיק צו געדענקען מע באַדאַרף —
דער עיקר איז אין דיר
דיין נוץ,
און נישט — דיין פּוץ!
דו קאָנסט אָן ברודערס הילף נישט טון זיך גאָר קיין ריר!
אַ ברודער דאַרף מען שאַצן נישט לויט זיין קאָליר!...

# דאָס וואַסער פונם טינט

ס'האָט אַמאָל דאָס וואַסער פון אַ פלאַש מיט טינט
אין זיין שוואַרצן טרויער זיך פאַרקלערט:
„איז עס שוין אויף אייביק טאַקע מיר אַזוי באַשערט,
(אַז ליבערשט וואָלטן אויסגעלעקט מיך שוואַרצע הינט!)
צו זיין פאַרשמאַכט,
אין ענגער פלאַש געהאַלטן פּבסט,
אין תּפיסה
אונטער קאָרעק, ווי אַ פינגער פון אַ ווערגער!
צו פאַרבלייבן —
שוואַרץ?
פאַרוואָס האָט אַלץ נאָך נישט געפּלאַצט אין מיר די שוואַרצע גאַל
דאָס שוואַרץ־פאַרוויסטע האַרץ?!
ווייל וואָס דען קאָן פאַר לעבעדיק וואַסער זיין נאָך ערגער,
ווי דאָס, וואָס איצטער איז פון מיר געוואָרן!
ווי אָנצוּוואַרפן פּחד, ווי אַ שוואַרץ יאָר, אויף זון און שטראַל
און מיט שוואַרצן לייב־און־לעבן זיי פון זיך פאַרטרייבן —
זיי,
וויי,
די ליבע געסט,
מיט וועלכע כ'האָב אין שפּיל פאַרבראַכט אַזוי פיל יאָרן,
יאָרן זיסע,
פולע קוועלעניש

אין העלעניש
פון פרייד
און שטראַלנדיקע רייד!...
אוי, דאָס לעבן איז מיר ביטער־הארב.
און פינסטער ווי די נאַכט!
עס איז טאַקע אמת — הכל־הבל!...״
פאַרשטאַנען זיין מחשבה האָט די פאַרב,
און דאָך אויף אים זיך נישט באַליידיקט,
נישט קיין שטראָף־וואָרט, נישט קיין טרייסט־וואָרט אים געזאָגט,
און שטיל און נאָכזיק־שוואַרץ אין זיך געשוויגן:
„שטראָף נישט יענעם און נישט טרייסט אים, —
האָט זי חכמה־פול געטראַכט
באַדאַכט:
ווען יענער ליגט צעווייטיקט און צעשיידיקט
און פאַרפלאָגט...
דאַן צייט און וואָרט,
באַגנוגן זיך דערווייל מיט דעם וואָס דו פאַרשטייסט אים,
אַזאַ מין טרייסטן יענעם,
ווען ער ליגט פאַרשפאַרט
אין תפיסה פון אַ פלאַש,
דאָס הייסט - אין גהינום,
וואָלט געהייסן — קומען
מיט אַ קראַנץ פון בלומען
צו נישט־געפאַסטער צייט און נישט־געהעריק אָרט.
ווי אַ שטייגער — שטאָט אַן איי מיט אַש
דערלאַנגען גאָר דעם אבל
אויף אַ טאַץ אַ טאָרט...״
נאָר אומגעריכט האָט וואַסער דאָ דערשפירט —
עס ווערט די פלאַש
גערירט
פון אָרט.
באַטראַכט, באַטאַפּט, געטאָרקעוועט,

געטראָגן און געפּירט,
און ס'העלדזל, אויפגעקאָרקעוועט,
אים לאָזט שוין לויז און פריי;
— בולבול-בולבול-בליי! בולבול-בולבול-בליי!
מע גיסט דיך אויף דאָס ניי
אין אַ נייער כּלי...
— מילא, מילא, מילא!... —
גאָרגלט ס'וואַסער טרויעריק מיט האַרץ:
בעסער וועט נישט ווערן טאַקע, זיכער
כ'וועל דאָס גאַנצע לעבן שוין פאַרבלייבן שוואַרץ,
דאָך איז, דאַכט זיך מיר, די לאַגע איצטיקע אַלץ ניחאר —
פּלוצים טוט אַ שפּיציק שטאָלן ציינגל אים אַ ריר,
אַ לעק,
און טוט אים לייכט אַ פיר
אויף בלאַנקיק-ווייס פּאַפּיר;
ס'ווערט אים ליכטיק אין די אויגן!...
— אָ, ליכט! אָ, פרייד! —
צעגיסט דאָס וואַסער זיך אין דורשטיק-שטילע רייד,
און וויינט פאַר פרייד
מיט שוואַרצע שנירלעך טרערן:
כ'וועל פון דיר אוודאי ווידער לויטער ווערן!...
פּלוצים —
(ווער ס'איז אומגליקלעך, אַ גורל, גיב אַ שוץ אים!
אָבער גורל איז אַ בייזער שפּאַסער)
פּאַפּיר הייבט אָן דאָס וואַסער
דורשטיק זויגן.
— גוואַלד, איך טריקן אויס!
איך ווער פאַרזאַפּט און ברען!
איך האָב געצליטן אָן אַ ברעג
און כ'שטאַרב —
אָן צוועק!... —
פּירט אויס שוין גוסנדיק דאָס וואַסער,

אין פאַרגליווערטן געוויין.
אויף דעם געגנטפערט האָט די פּען
פאַרקריצנדיק די ציין,
קורץ און שאַרף
און האַרב:
– ווען מע דאַרף –
שטאַרב!...
ערשט איצט האָט אויפגעגלאַנצט איר וואָרט די פאַרב:
– אַ לויב צו דיין אומוויסנדיק מאַרטירערטום, אַ לויב!
כדי מיין ליכטן שוואַרצן שטויב
אַריינצוזאַפּן דאָ אין ליכטיק-לייביקן פּאַפּיר,
באַדאַרפן האָט מען וואַסער, לויטער-קוועלנדיקס פאַרשוואַרצן דיר.
אויף דעם אומגליק איז אַמאָל טאַקע דער צוועק געבויט
דאָס שליחות ווערט פאַרענדיקט מיטן – טויט...
די וואָס בלייבן לעבן, זעען
און פאַרשטייען,
און באַשערט איז, דאָס נישט צו פאַרשטיין,
דעם מאַרטירער בלויז אַליין...

## דעם אינוואַלידס אָרבל

פֿאַרנאַכט.
רוישנדיקע גאַס.
אַ שטומע וואַנט;
לעם איר — אַ באַנק.
פֿאַרשמאַכט,
קראַנק,
בלאַס,
מיד, —
איינגעהויקערט זיצט אַן אינוואַליד.
(לינקע האַנט
פֿאַרלוירן אין דער שלאַכט).
פּלוצים — הערט!
רעכטער אָרבל פירט אַ קריגעריש געשפּרעך:
— פֿאַראַן אַ וועלט מיט ברעך!
דו, ליידיקהענגעדיקער אָרבל-עובר-בטל
האָסט ביי מיר אַ פּנים
(אויף אַלע מיינע שונאים!),
ווי אַ זאַטל
אָן אַ פֿערד!...
אָדער, ווי אַ מויל אָן ציין...
ס'איז באמת מיר אַ פֿלא
אויפֿן באַלעבאָס —

**פאַרוואָס**

ער טראָגט אַזאַ מין פּוסטע בלי
פאַר אַ ציר...
אַזאַ מין נול...
צוּן אַלע שוואַרצע יאָר
פּאַסטו פאַר אַ פּאָר,
און נישט פאַר מיר!
איך! — איך בין דאָך פול:
מיט מאַרכעדיק געביין,
מיט מוסקולירטן לייב און דופקדיקן בלוט,
מיט מוט,
מיט זאַפט,
מיט קראַפט,
וואָס שאַפט!...
אָט, פאָלג מיט גוטן אויס מיין עצה —
טראָג באַצייטנס אָפּ זיך פון דער פּלייצע!... —
— באַליידיק מיך, באַליידיק!
מאַכסט אַ חשבון-צדק —
יעדער פולער אַרבל וועט דיר זאָגן, אַז עס שטימט... —
טוט דער לינקער אַרבל שוידערלעך אַ ציטער,
ווי דאָס פּנים פון אַ שטומען זיך פאַרקרימט,
קאָרטשעט זיך אין פאַלדן, ווי באַהאָנגען פול מיט טערים,
און ער שאַרכלט-כאַרכלט ביטער:
זענען מיר דאָך שכנים, אויב אַפילו נישט חברים,
דען ווי ווייט איז דאָס פון מיר
צו דיר;
עס טיילט אונז דאָך פונאַנדער בלויז אַ מענטשלעך האַרץ —
אַ קניילכן מוסקול-פעדימלעך אַ צאַרטס...
און קויל פון בלוטיקער געצווונגענער נקמה
האָט דאָך ביידן אונז געצילט,
נאָר דיר
האָט מזל גראָד געשפּילט...

און גאָך וואָס כ'וועל דיר זאָגן:
האָסט נישט אויף מיין ליידיקייט זיך וואָס צו קלאָגן...
כ'וואַנדער אום אין וואָגל,
ווו איך נעכטיק, ווו איך טאָג,
בין איך, ווי אַ לאָגל,
פול מיט שטומער שרייענדיקער קלאָג:
— פאַרוואָס האָט מענטשנס אברים געשניטן די מלחמה?!
און דאָרט, ווו איך האָב געמעת-לעתט,
איז, נישט נאָר איך אַליין,
נאָר אַלץ אַרום —
שטום — שטום — שטום —
פול מיט גאַליקן געוויין,
און קרעפּטיקן פּראָטעסט:
גידער מיט דער רויטער פּעסט!...